


שלום עליכם

# קליינע מענטשעלעך
# מיט קליינע השגות



„מנורה“-פארלאג

בערלין 1948



Scholem Aleichem

# Kleine Menschen mit kleinen Begriffen

Scholem Aleichem

# Little men with small horizon

„Neue Jüdische Bibliothek"
Technischer Redakteur: David Kohan
Illustrationen: Peter Kleinschmidt

Herausgegeben im „MENORAH"-Verlag für Jüdisches Schrifttum Berlin SO 36, Thielschufer 10-16, ist von der Nachrichtenkontrolle der Amerikanischen Militär-Reg. zugelassen. Lizenz-Nr. B 218

Druck: Neisser-Druck, Berlin SO 36.

„New Jewish Library"

printed in Germany

## „לאכן איז געזונט,
## דאקטוירים הייסן לאכן“
שלום עליכם.



שלום עליכם
(1859 - 1916)

דא ליגט א ייד א פשוטער,
געשריבן יידיש־דייטש פאר ווייבער,
און פארן פראסטן, פאלק איז ער
געווען א הומאריסט א שרייבער.

דאס גאנצע לעבן אויסגעלאכט,
געשלאגן מיט דער וועלט כפרות,
די גאנצע וועלט האט גוט געמאכט,
נאר ער, אוי־ווי, געווען אויף צרות.

און דוקא דעמאלט ווען דער עולם האט
געלאכט און פלעגט זיך פרייען,
האט ער געקרענקט־דאס ווייסט נאר גאט,
בסוד, אז קיינער זאל ניט זען.

די עפיטאפיע פון שלום עליכם (אויסגעקריצט אויף זיין מצבה)

וואו איך זאל ניט שטארבן, זאל מען מיך באהאלטן ניט צווישן אריסטאקראטן מיוחסים, אהער גבנרים, נאר גראד צווישן פראסטע יידן ארבייטער, מיטן אמת'ען פאלק, אזוי אז די מצבה, וואס מע וועט דערנאך אוועקשטעלן אויף מיין קבר, זאל בעשענען די איינפאכע קברים ארום מיר, און די איינפאכע קברים זאלן באפוצן מיין מצבה, אזוי ווי דאס פראסטע ערליכע פאלק האט פאר מיין לעבן באשענט זייער פאלקס־שרייבער.

(פון שלום עליכם'ס צוואה)

# פארוואָרט

באוואקסען מיט הויכען ווילדגראז שטייען די פלעצער און גאסען פון חרוב'ן יידישען שטעטל. איבערגעבליבען זיינען איצט דא נאר איינציקע שטיינער און ציגל, וואס די ארומיקע ניט יידישע שכנים האבען נאך ניט באוויזן צעשלעפּן. נאך א פּאר יאר וועלן דורך און דאן וועלן אויך פארשווונדן די דאזיקע לעצטע סימנים פון א געוועזענעם בליענדיקן יידישן לעבן . . .

פאר די קומענדיקע יידישע דורות וועט דער בוך, ווי אנדערע ענלעכע ביכער, בלייבן דער איינציקער שפּור פון א פארשוואונדענער יידישער וועלט, אין וועלכער עס האבן געלעבט זייערע זיידעס. זיי האבן געלעבט באשיידן און רויק, ניט געטרוימט ווי אנדערע פעלקער וועגן הערשאפט איבער דער וועלט און ניט געמארדעט צוליב דעם מיליאנען אומשולדיקע מענטשן. דאס איינציקע, וואס זיי האבן געוואלט איז א רויק לעבן פאר זיך און פאר אלע. זיי זיינען ווירקלעך געווען קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות און אפשר אין דעם איז געווען זייער גרויסקייט . . .

גרויס איז אויך געווען דער שריפטשטעלער, וואס האט דעם דאזיקן בוך געשריבן, ווי צענדליקער אנדערע פרעכטיקע ביכער וועגן לעבן פון זיין פאלק און נאך גרעסער איז געווען זיין ליבע צום יידישן פאלקס־מענטשן. אומענדלעך איז זי געווען די דאזיקע ליבע ביי דעם גרויסן יידן, וואס האט זיך גערופן מיט דעם באשיידענעם יידישן נאמען שלום עליכם.

דוד קאהאן.

# די שטאָדט פון די קליינע מענשעלעך

די שטאָדט פון די ק ל י י נ ע מ ע נ ש ע ל ע ך, וואָס איך פיהר דיך אהין אריין, פריינד לעזער, געפינט זיך פונקט אין דער מיט פון'ם געבענשטען „תחום“, וואו מע האָט אוועקגעזעצט אידען קאָפּ אויף קאָפּ ווי הערינג אין א פעסעל, און אָנגעזאָגט, זיי זאָלען זיך פרוכפּערען און מעהרען — און דער נאָמען פון דער דאָזיגער בעריהמטער שטאָדט איז כ ת ר י ל ע װ ו ק ע.

פון וואנען נעמט זיך דער נאָמען כתרילעווקע? אָט פון וואנען:

ביי אונז איין אָרעמאן, דאָס ווייסט יעדערער, האָט יתרו'ס נעמען: פאַרהאַן א געמיינער מאן, און איין אָרעמאן. און נעבאך איין אָרעמאן, און א גרויסער אָרעמאן, און א געפאלענער, א מקבל, א קבצן, א דלות, א דלפן, איין עני, און איין עני ואביון. איטליכער פון די דאָזינע אויסגערעכענטע נעמען ווערד ארויסגערעדט מיט איין אנדער מין ניגון... און פאַרהאַן נאָך א נאָמען: א כ ת ר י א ל, אָדער א כ ת ר י ל י ק. דער דאָזינער נאָמען ווערד ארויסגערעדט שוין גאָר מיט איין אנדער מין ניגון, למשל: „אוי, בין איך, קיין עין־הרע, א כתריליק!“... כתריליק — דאָס איז שוין נישט גלאט אזוי א קבצן, א שלים־מזל; דאָס איז שוין, פערשטעהט איהר מיך, אזא מין אָרעמאן, וואָס פאלט נישט, חס־ושלום, אראָפּ ביי זיך מיט זיין אָרעמקייט; אדרבה,

ס'איז גאָר א גדולה! אויף אונזער לשון הייסט עס „איין אָרעמס און אַ פרייליכס"...

פערשטעקט אין א ווינקעלע, העט־ווייט, אָפּגעזונדערט פון דער גאנצער ארומיגער וועלט, שטעהט זיך אָט די שטאָדט עפּיס ווי פער'יתומ'ט, פער'חלומ'ט, פער'כשופ'ט און פערטיעפט אין זיך זעלבסט, גלייך ווי מיט איהר געהער זיך גאָר ניט אָן אָט דער גאנצער טאַרעראַם מיט'ן הארמידער, מיט'ן קויפעניש, יאָ־געניש, העצעניש, פרעסעניש איינס דאָס אנדערע מיט די אַלע איבעריגע גוטע זאכען, וואָס מענשען האָבען זיך מטריח געווען צו בעשאפען און צוגעטראכט צו דעם פערשיעדענע נעמען, ווי: „קולטור", „פּראָגרעס", „ציוויליזאַציע" וכדומה אַזעלכע שענע ווערטער, פאר וועלכע א רעכטער מענש נעמט אראָפּ דאָס היטעל מיט גרוים דרך־ארץ. קליינע, קליינע מענשעלעך!... ניט נאָר פון אויטאָמאָבילען, פון לופטשווימעריי און אַוויאַטיקאַ — זיי האָבען א לאנגע צייט פון אונזער אלטער געווייגליכער אייזענ־באהן ניט געוואָלט הערען און נישט געוואָלט גלויבען אפילו, צי ס'איז גאָר פאַרהאַן ערגיץ א באהן אויף דער וועלט. „ווייס איך וואָס, — האָבען זיי געזאָגט, — חלומות, נעכטיגע טעג, אויפ'ן הימעל א יאריד, א קוה איז געפלויגען איבער'ן דאך" — וכדומה אַזעלכע שאַרפע ווערטער. ביז עס האָט זיך געטראָפען א מעשה, איינער א כתרילעווקער בעל־הבית האָט בעדאַרפט האָבען קיין מאָסקווע, איז ער געפאָהרען און געקומען צוריק און געשוואָרען מיט כל השבועות, אז ער אליין איז געפאָהרען ביז סאמע מאָסקווע מיט דער באהן דריי פערטעל שעה... האָט מען דאך מסתמא געמאַכט איהם אויסצודרעהען: ווי שווערט דאָס א איד א בעל־הבית אויף אזא הארטען ליגען? לאָזט זיך אויס א מעשה, אז מע האָט איהם ניט גוט פערשטאַנען: ער איז טאַקי מעהר נישט געפאָהרען מיט דער באהן ווי דריי פערטעל שעה; דאָס איבע־ריגע איז ער שוין געגאנגען צו־פוס. ווי די מעשה איז — דער פאקט מיט דער באהן איז א פאקט, וואָס מע קאָן קעגען איהם

גאָרניט זאָגען: א איד אַ בעל־הבית שווערט זיך מיט אַזעלכע שבועות, וועט ער מן הסתם פונ׳ם פינגער ניט אויסזויגען ובפרט, ער האָט זיי געגעבען צו פערשטעהן מיט׳ן שכל דעם כח פון אייזענבאַהן און אויסגעמאָהלט אויף פּאַפּיער, ווי אַזוי די רעדער דרעהען זיך, און דער קוימען פייפט, און דער וואַגאָן פליהט. און אידען פאָהרען קיין מאָסקווע... האָבען איהם די קליינע מענשעלעך אויסגעהערט — אויסגעהערט, כלומרשט צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ און אינוועניג אין האַרצען גוט געלאַכט און געזאָגט: „וואָס קומט ארויס — די רעדער דרעהען זיך, דער קוימען פייפט, דער וואַגאָן פליהט, אידען פאָהרען קיין מאָסקווע — און קומען צוריק“...

אָט אַזוי, ווי איהר זעהט. זענען זיי אַלע, די קליינע מענשעלעך, נישט קיין בעלי־מרה־שחורה, קיין פערזאָרגטע בעלי־בית׳לעך. אדרבה, זיי האָבען אַ שם אויף דער וועלט פאַר גרויסע בעלי־המצאות, ווערטעלזאָגערס, לעבעדיגע פריילּיכע נשמות. אָרעמע, נאָר פריילּיכע. עס איז שווער צו זאָגען, וואָס איז, אייגענטליך, מיט זיי די גדולה? גאָרניט, חי־געלעבט!... געלעבט? אַנו, פרעגט זיי, למשל: „פון וואַנען לעבט איהר?“ — וועלען זיי אייך ענטפערען: „פון וואַנען מיר לעבען? אָט זעהט איהר דאָך, חאַ־חאַ, מע לעבט“... און מערקווירדיג! ווען איהר זאָלט זיי ניט בעגעגענען, לויפען זיי ווי די פערסמ׳טע מייז, דער אהער, דער אהין, און האָבען קיינמאָל קיין צייט ניט. „וואוהין לויפט איהר?“ — „וואוהין מיר לויפען? אָט זעהט איהר דאָך, חאַ־חאַ, מע לויפט. מע מיינט, טאָמער וועט מען עפּיס חאַפּען, פערדיענען אויף שבת“...

פערדיענען אויף שבת — דאָס איז זייער אידעאַל. אַ גאַנצע וואָך וועלען זיי אייך אַרבייטען, מיט בלוטיגען שוויים האָרעווען, פערשוואַרצט ווערען, קייען די ערד, עסען מכות, טרינקען קדחת, אַבי ס׳זאָל זיין אויף שבת. און באמת, קומט דער ליעבער הייליגער שבת — איז אַ כפרה יעהופעץ, אַ כפרה אדעס, אַ כפרה

אפילו פאריז! מע זאגט, — און דאס זאל זיין א פאקט, — אז זינט כתרילעווקע איז א שטאדט האט זיך נאך נישט געטראפען, אז א איד זאל דארפען שבת חלילה דארפען הונגערען. ווארום ווי געשיקט זיך עס, אז א איד זאל ניט האבען קיין פיש אויף שבת? האט ער ניט קיין פיש, האט ער פלייש; האט ער ניט קיין פלייש, האט ער הערינג; האט ער ניט קיין הערינג, האט ער חלה; האט ער ניט קיין חלה, האט ער ברויט מיט ציבעלע; האט ער ניט קיין ברויט מיט ציבעלע, לייהט ער ביי'ם שכן; איבעראכטאג שבת וועט דער שכן לייהען ביי איהם— „די וועלט איז א רעדעל און עס דרעהט זיך"... אזוי זאגט ער אייך א גלייכווערטעל און בעווייזט מיט דער האנד, ווי דאס רעדעל דרעהט זיך... ביי די קליינע מענ־שעלעך, אז עס קומט צו א גלייכווערטעל, איז גאר ניט שייך. פאר א גלייכווערטעל וועלען זיי אייך אוועקגעבען, ווי מע זאגט, דעם טאטען מיט דער מאמע. די וועלט דערצעהלט זיך אן פון זיי אזעלכע מעשיות, וואס זעהען אויס ווי אנעקדאטען. נאר מע קאן זיכער ערב זיין, אז דאס זענען לויטער פאקטען.

למשל, מע דערצעהלט פון איינעם א כתרילעווקער בעל־הבית, וואס ס'איז איהם נמאס געווארען צו הונגערען אין כתרילעווקע, האט ער זיך אוועקגעלאזט וואנדערען איבער דער וועלט זוכען גליק, געווארען איין עמיגראנט, און האט פערבלאנזעט אזש קיין פאריז. האט ער מסתמא זעהר חשק געהאט זיך דער־שלאגען צו רויטשילד'ען. ווארום ווי איז דאס א איד אין פאריז און מע זעהט זיך ניט מיט רויטשילד'ען? איז אבער א חסרון — מע לאזט נישט צו. „וואס איז די מעשה?" „א צעריסענע קאפאטע". „חכמים איהר זייט! — טענה'ט דער איד. — איך זאל האבען א גאנצע קאפאטע, וועלכע גוטע יאהר וואלט איך געפאהרען קיין פאריז?" הקיצור — ס'איז נישט גוט. א כתרילעווקער איד אבער פאלט ביי זיך ניט אראפ און גיט זיך איין עצה. ער איז זיך מיישב און רופט זיך אן צום שומר, וואס

ביי דער טהיר: „געה זאָג דעם פריץ, אז צו איהם איז געקומען חלילה ניט קיין שנאָרער, נאָר א איד א סוחר, וואָס האָט איהם געבראכט צו פיהרען אזא מין ארטיקעל, וואָס מע קריגט דאָס ניט דאָ אין פאַריז פאר כל הון דעלמא".

בערהערט אזעלכע דבורים, הייסט רויטשילד, מע זאָל איהם אריינפיהרען אויף א ציקאווען דעם דאָזיגען סוחר. „שלום עליכם". „עליכם שלום". „זיצט. פון וואַנען איז א איד?" „פון כתרילעווקע". וואָס וועט איהר זאָגען גוטס?" „וואָס זאָל איך אייך זאָגען, פאני רויטשילד? די מעשה דערפון איז אזוי: אויף אייך שמועסט מען ביי אונז, אז איהר זענט, קיין עין־הרע, נישקשה'דיג אין מעמד, אויף מיר געזאָגט געוואָרען האָטש האלב, האָטש א דריטהלק איז אויך געגוג. נו, און כבוד מסתמא זענט איהר אודאי אויך ניט זשעדנע; וואָרום ווער עס האָט די מאות, זאָגט מען, דער האָט די דעות. הכלל, וואָס פעהלט אייך? איין זאַך: ד אָ ס א י י ב י ג ע ל ע ב ע ן. האָב איך עס אייך געבראכט צו פיהרען אויף צו פערקויפען".

דערהערט „דאָס אייביגע לעבען", מאכט צו איהם רויטשילד: „מה יקר — וואָס וועט דאָס קאָסטען?" „עס וועט אייך קאָסטען, פאני, אזוי גרויס (דאָ האָט זיך דער איד פערטראַכט) — אזוי גרויס ווי דריי הונדערטער". „אפשר וועלען מיר זיך דינגען?" „ניין, פאני רויטשילד, ס'וועט ניט געהן. איך זאָל האָבען די ברכות, וואָס איך וואָלט אייך געקאָנט זאָגען מעהר פון דריי־הונדערט. נאָר גאָרנישט, געזאָגט — איז פאַרפאַלען". אזוי מאכט צו איהם דער איד, און רויטשילד נעמט מסתמא און צעהלט איהם אוים דריי הונדערטער מזומנים, אחת ואחת. מיין איד קודם־כל לאָזט אראָפּ דאָס ביסעל מזומנ'ס אין קעשענע און רופט זיך אָן צו רויטשילד'ען בזה הלשון: „ווילט איהר לעבען אייביג, איז עצתי, איהר זאָלט אוועקוואַרפען אָט דאָס טומעלדיגע פאַריז און אריבערפעקלען זיך בעסער צו אונז קיין כתרילעווקע, וועט

איהר קיינמאָל ניט שטאַרבען, וואָרום זינט כתרילעווקע איז אַ שטאָדט, איז ביי אונז נאָך קיין גביר קיינמאָל ניט געשטאָרבען"...

און נאָך אַ מעשה האָט זיך געטראָפען, איינער האָט אָנ־געשפּאַרט אזש קיין אמעריקא... נאָר איך זאָל האַלטען ביי דער־צעהלען מעשיות, איינפאַלען און המצאות פון די קליינע מענשע־לעך, וואָלט איך בעדאַרפט זיצען מיט אייך דריי טעג מיט דריי נעכט און דערצעהלען און דערצעהלען. לאָמיר בעסער אַריבערגעהן צו די בעשרייבונגען פון דער שטאָדט גופא.

איהר ווילט אודאי וויסען, ווי אזוי זעהט אויס כתרילעווקע? שען, אזוי ווי גאָלד. און ווער שמועסט, פון דער ווייטענס! פון דער ווייטענס חאַפּט דאָס דעם אָנבליק פון... אַ וואָס זאָל איך אייך, אשטייגער, זאָגען? פון אַ סאַנישניק, וואָס איז געדיכט אָנגעזעצט מיט סעמיטשקעס, אָדער פון אַ לאָקשענברעט מיט פאַרפעל אַ סך. ווי אויף אַ טעלער, ליגט פאַר אייך די שטאָדט, און איהר קאָנט זי זעהען פאַר אַ מייל מיט אַלע איהרע אַנטיקלעך. וואָרום די שטאָדט גופא, פערשטעהט איהר מיך, שטעהט אויף אַ באַרג, דאָס הייסט, אויף דער שטאָדט האָט זיך אַנגערוקט אַ באַרג, און אונטער'ן באַרג שטעהען הייזלעך אַ סך, איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי קברים אויף אַיין אַלטען בית־עלמין, ווי אַלטע שוואַרצע איינגעבויגענע מצבות. קיין גאַסען איז ניט שייך צו זאָגען, מחמת די הייזער געהען נישט געבויעט, אויסגערעכענט און אויסגעמאָסטען נאָכ'ן צירקול, און קיין סך פּלאַץ צווישען די הייזער איז אויך נישטאָ; למאי זאָל שטעהן אומזיסט־אומ־נישט אַ לעדיגער פּלאַץ, אז מע קאָן דערויף אַנידערשטעלען אַ שטוב? סע שטעהט אין פּסוק: „ל ש ב ת י צ ר ה" — איז דער פּשט: די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אויף ישוב, א ו י ף צ ו ז י צ ע ן, נישט אויף צו קוקען. וואָס פאַר אַ קוקען?...

פון דעסטוועגען, האָט קיין יסורים ניט, פאַרהאַן גאַסען אויך, גרויסע גאַסען און קליינע געסלעך, און שמאָלע געסלעך, און הינטערגעסלעך. איי וואָס, ס'איז נישט עפּים אזוי גלייך, אַ

ביסעל געדרעהט באָרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף — און פלוצים נאָט איך אַ שטוב, אָדער אַ קעלער, אָדער גלאַט אַ גרוב? וועט איהר אַ ברירה האָבען נישט געהן איינער אַליין ביינאַכט אָהן אַ לאַנ־טערנע! פאַר די קליינע מענשעלעך זאָלט איהר זיך ניט זאָרגען: אַ כתרילעווקער אין כתרילעווקע צווישען כתרילעווקער וועט ניט פערבלאָנזעט ווערען קיינמאָל; איטליכער טרעפט צו זיך אַהיים, צו זיין אייגען ווייב און קינדער, ווי אַ פויגעלע צו זיך אין נעסט אַריין...

און ווייטער איז פאַרהאַן אין מיטען שטאָדט אַ ברייטער האַלב־קיילעכיגער, און אפשר אַ פיערעקעכיגער פּלאַץ, וואָס דאָרטען זענען די קלייטען, די געוועלבען, די יאַטקעס, טישלעך און שטעלכעלעך, און דאָרטען שטעלט זיך אויס דער מאַרק אַלע פרייהמאָרגען, וואו עס פאָהרען זיך צענויף אַ סך גויים מיט אַ סך גויעס מיט אַלערליי מינים סחורות און עסענוואַרג, פיש מיט ציי־בעלעס, מיט חריין, מיט פּעטרעשקע און מיט שאַר ירקות. דאָס ביסעל שאַר ירקות פערקויפט מען און מע קויפט ביי די אידען אַנדערע בעדערפענישען, און דערפון ציהען דאָס די אידען פּרנסה, אַפילו ניט אזוי ברייט, נאָר פּאָרט פּרנסה. בעסער פון גאָרניט איז דאָך עס... און דאָרטען, טאַקי אויף דעם זעלביגען פּלאַץ, ליגען אויסגעצויגען ביי טאָג אַלע ציעגען פון שטאָדט און וואַרע־מען זיך קעגען דער זון, און דאָרטען טאַקי זענען, להבדיל, די בתי־מדרשים מיט די שוהלען מיט די קלייזלעך מיט די חדרים פון שטאָדט, וואו אידישע קינדער לערנען תורה, דאַוונען, לייענען און שרייבען; די רבי'ס מיט די תּלמידים זינגען און שרייען אויף קולי־קולות, אַז מע קאָן טויב ווערען... און אויך דאָס מרחץ, וואו ווייבער באָדען זיך, און אויך דער „הקדש", וואו אידען שטאַרבען, און אַלע איבעריגע גוטע ערטער, וואָס לאָזען זיך הערען פון דערווייטען... ניין, כתרילעווקע ווייסט נאָך ניט פון קיין „קאַנאַליזאַציע", וואַסערלייטונג, עלעקטריציטעט און נאָך אַזעלכע לוקסוס־זאַכען; נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס? „מע שטאַרבט,

הערט איהר, אומעדום מיט אלץ איין טוידט, און מע לעגט אריין, הערט איהר, אומעדום אין אלץ איין ערד אריין, און מע קלאפט־צו אומעדום, הערט איהר, מיט דער אייגענער לאפעטע!" — אזוי פלעגט זאגען אלע מאל מיין רבי רב ישראל מלאך אויף א שמחה, דוקא דעמאלט, ווען ער איז געווען רעכט פריילידּ, גוט אונטער'ן גלעזעל און שוין פארטיג צו פערקאטשען די קאפאטע און געהן א „דייטש", אדער חאפען א „קאזאק"...

מיט וואס כתרילעווקע מעג זיך יא בעריהמען — דאס איז מיט איהרע בית־עולם'ס. צוויי רייכע בית־עולם'ס פערמאגט די דאזיגע געבענשטע שטאדט: איין א ל ט ע ן בית־עולם און א נ י י ע ם בית־עולם. דאס הייסט, דער נייער בית־עולם איז, מאהלט אייך, אויך גענוג אלט און גענוג רייך אין קברים. עס וועט שוין באלד ניט זיין וואו צו „לעגען", טאמער חלילה א פאגראם, א חלירע אדער אזוי עפּיס איין אומגליק פון די היינטיגע אומגליקען.

איבערהויפט, נעמען זיך איבער די כתרילעווקער קליינע מענ־שעלעך מיט'ן אלטען בית־עולם. דאס אלטע בית־עולם זייערס, חאטש ס'איז שוין פערוואקסען מיט גראז און מיט בוימלעך און כמעט אהן איין גאנצע מצבה, האלטען זיי דאס פון דעסטוועגען פאר א ציערונג, א שיינדעלע, א רייכטהום, און היטען דאס אפּ, ווי דאס שווארצאפּעל פונ'ם אויג. ווארום אחוץ וואס דארטען ליגען זייערע אבות־אבותיהם, רבנים, צדיקים, לומדים, מפורסמים, גרויסע לייט, — איז א סברה, אז דארט געפינען זיך א היבש ביסעל קדושים נאך פון דער היידאמאטשינע, פון חמעלניצקי'ס צייטען... אט דאס „הייליגע ארט" — דאס איז זייער איינציג שטיקעל אייגענס אויף דער וועלט, וואו זיי זענען די איינציגע בעלי־בתים, זייער איינציג שטיקעל ערד, זייער איינציג שטיקעל פעלד, וואו עס שפראצט א גרעזעל און עס וואכסט א בוימעל און די לופט איז פריש און עס אטהעמט זיך פריי...

איהר זאָלט זעהען, וואָס דאַרטען טהוט זיך אָפּ, אַז עס קומט סוף זומער, אַרום ראש־חודש אלול, די „וויינענדיגע טעג" — איי־איי־איי! אידען און ווייבער — דערהויפּט, ווייבער — אויף און אָפּ, סע ווימעלט און סע שווימעלט — אַ ווערטעלע „קבר־אָבות"! פון דער גאַרער וועלט קומט מען אַהער אַ ביסעל זיך אויסוויינען און אויסגיסען דאָס ביטערע הארץ אויף די הייליגע קברים. הערט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? אין ערגיץ וויינט זיך ניט אַזוי גוט און אַזוי געשמאַק, ווי אין כתרילעווקע „אויפ'ן פעלד". דאָס הייסט, אין די שוהלען דאַרטען וויינט זיך אפילו אויך גאַנץ נישקשה'דיג. נאָר ווי קומט דאָס צו קבר־אָבות? דאָס „קבר־אָבות" איז אַ שטיק פּרנסה פאַר די כתרילעווקער שטיינשניידערס, בעלי־אכסניות, חזנים און שמשים, און דער ראש־חודש־אלול איז פאַר די דאָרטיגע אָרעמע לייט, ווייבער און קאַליקעס די אמת'ע „שניט־צייט".

„זענט איהר שוין געווען ביי אונז אויפ'ן פעלד?" — וועט אייך פרעגען אַ כתרילעווקער מיט גדלות, גלייך ווי ער וואָלט אייך, אשטייגער, פרעגען, צי זענט איהר געווען ביי זיין טאַטען אין וויינגאָרטען? אויב איהר זענט נאָך ניט געווען, טהוט איהם צוליעב און געהט זיך דורך צו זיי „אויפ'ן פעלד", לייענט איבער די אַלטע שטאַרק־אָפּגעריבענע אויפשריפטען אויף די האַלב־איינגעפאַלענע מצבות, וועט איהר געפינען אין זיי אַ שטיק געשיכטע פון אַ גאַנץ פאָלק... און אויב איהר זענט אַ מענש פון התפעלות און בעגייסטערונג, וועט איהר, בעטראַכטענדיג די דאָזיגע אָרעמע שטאָדט מיט איהרע רייכע בית־עולם'ס, זיך ניט קאָנען איינהאַלטען און איבער'חזר'ען דעם אַלטען פסוק: מ ה ־ ט ו ב ו — ווי גוט זענען דיינע געצעלטען, יעקב! דיינע רוהע־ערטער, ישראל!...

# אַיין אָנגעלעגטער ברית

— שלים־מזל! ווען קומט איהר אויס געהן צו־קינד? ערב יום־טוב!

— קוים דערלעבט אַ נחת!

— אז מיר וועלען ווערט זיין ביי גאָט, וועט נאָך זיין אַ יונגעל אויך. אָט וועט איהר זעהען!

— זי מוז געבוירען משיח'ן, ניט אנדערש!

אַזעלכע וכדומה אַזעלכע ווערטלעך זענען געפלויגען דעם גאַנצען טאָג ביי העניך דעם סטאָליר אין שטוב, און רייזעל האָט זיך געקנייטשט, געזאָקעט, זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען.

עס זענען געווען מינוטען אַזעלכע, וואָס זי האָט זיך בע־האַלטען אין אַ ווינקעלע, זיך געקנייפּט דאָס פּנים, געריסען פון זיך שטיקער פלייש און געבעטען אויף זיך דעם טוידט.

— רבונו של עולם! זיסער פאָטער, האַרציגער, געטרייהער, העלף מיר שטאַרבען!...

רייזעל איז געגאַנגען צו־קינד נאָך פון גאַנץ פריה אָן, נאָר זי האָט זיך בעהאַלטען, קיינער זאָל ניט וויסען. אַרום פאַרנאַכט, אַז עס האָבען זי אַ חאַפּ געטהאָן די רעכטע „וועהען", איז זי אַריינגעפאַלען אין בעט אַריין, אָנגעהויבען ברעכען די הענד, צעגויפגעקרעמפּעוועט די צייהן, געוואָרען ברוין און בלוי און האָט אויסגעשריען נישט מיט איהר קול:



1

— מאמעניו! געב מיר כח, איך זאָל קאָנען שטאַרבען!!

שרה־רחל די באָבע, וואָס איז געשטאַנען איבער איהר בעט, האָט שוין, נישקשה, געזעהען אזעלכע זאכען. זי האָט זיך אָנ־געבויגען צו איהר מיט פערקאַטשעטע ארבעל ביז די שפּיצעכיגע שווארצע עלענבויגענס און האָט זי געטרייסט:

— שריי, שריי, מיין קינד! אַ געוויינעריין באדארף שרייען. נאָך איין געשריי, וועסט דו, אם ירצה השם, איבערקומען געזונטערהייד. די מאַמע דיינע פון יענער וועלט טהוט זיך פאַר דיר איצטערט מיהען. דער טאַטע דיינער שטעהט אצינדערט פאַר'ן בית־דין־של־מעלה און טהוט טהון בעטען פאַר דיר. דו וועסט, אם ירצה השם, איבערקומען געזונטערהייד און וועסט האָ־בען אַ זוהן, אַ טרייסט צו דיינע צרות...

די „וועהען" געהען־איבער, און רייזעל בלייבט ליגען, ווי אַ פּריטשמעליטע, אַ פער'שכור'טע, און עס קלינגט איהר אין די אויהערען, און זי שלאָפט ניט, נאָר זי איז פערטומעלט. זי ווייסט ניט, וואו זי איז אין דער וועלט. עפּיס טהוט זיך מיט איהר. עפּיס וועט מיט איהר זיין. אפשר איז דאָס איין עק צו איהרע צרות? אפשר שטאַרבט זי? רייזעל וויל ניט שטאַרבען. ניין! זי האָט נאָך אַ האָפענונג אויף דעם וואָס לעבט אייביג, אז איהר זעטעל וועט קומען, קומען צו פאָהרען פון'ם ווייטען אמעריקא, און זי וועט נאָך וויסען פון אַ לעבען מיט איהר ליעבען טהייערען זעטלען.

וואו איז זעטעל?

זעטעל דער שניידער האָט זיך עטליכע חדשים נאָך דער חתונה אוועקגעלאָזט זוכען פרנסה. קיין אמעריקא איז ער אוועק־געפאָהרען. אלע פאָהרען איצט קיין אמעריקא. אוועקגעפאָהרען זעטעל — און ניטאָ, ווי אין וואַסער אריין.

„געוויים איז ער דאָרט אַ חתן געוואָרען, גענומען פּריש נדן, אויסקרענקען זאָל ער דאָס דאָרטען, רבונו של עולם!"

אַזוי האָט מען געשמועסט װעגן איהם אין כתרילעװקע, בײ הענײך דעם סטאָליער אין שטוב, אַלע — אַ חוץ רײזלען.

רײזעל האָט אַ נ ד ע ר ש געקלערט װעגן איהר זעטלע;: זי האָט איהם געקענט בעסער פון אַלעמען, חאָטש זי איז געװע; מיט איהם אינאײנעם נישט מעהר װי פיער חדשים.

רײזעל האָט אַרױסגעקוקט אױף איהם אַלע מינוט, אַלע רגע; אױב ער לעבט נאָר און איז געזונד, װעט ער געװיס קומען, אָדער חאָטש שרײבען אַ בריװעל, שרײבען אַ בריװעל און צושיקען איהר זײן „פּאָטרעט“. אױ, װען גאָט העלפט איהר, עס קומט איהר אָן דאָס גוטע בריװעל מיט'ן „פּאָטרעט“, װער איז צו איהר דעמאָלט גלײך?

אַ סך טעג האָט רײזעל אָט אַזױ אַרױסגעקוקט. אַ סך נעכט איז זי ניט געשלאָפען. אַ סך טרערען האָט זי אױסגעגאָסען שטילערהײד, בעגראָבען דעם קאָפּ אין קישען, לײט זאָלען ניט זעהען, גוטע פרײנד זאָלען ניט האָבען קײן יסורים, שונאים זאָלען זיך ניט פרײהען אױף איהרע צרות.

און איהרע צרות זענען געװען געװען גענוג גרױס, װאָרום זי האָט דערפיהלט, אַז זי בעדאַרף װערען אַ מוטער... װעה און װינד, װאָס װעט זי טהון? װאוהין װעט זי זיך קעהרען און װענדען? זי זאָל ניט מורא האָבען פאַר גאָט און פאַר'ן גיהנם, װאָלט זי ז'ך נאָר אַ מעשה אָנגעטהאָן!

ס'איז אַ סברה, אַז אײנמאָל איז זי געװען בײ'ם טײך, גע־װאַשען גרעט, האָט זי זיך געװאָלט אַרײנװאַרפען אין װאַסער אַרײן. האָט זי זיך דערמאָנט אָן יענער װעלט, האָט זי גע־חאַפּט דאָס פּעקעל גרעט און האָט זיך געלאָזט, ניט טױדט, ניט לעבעדיג, לױפען אַהײם. אַזױ װי זי לױפט, בעגעגענט זי זיך מיט שרה־רחל'ען די באָבע.

— װאָס לױפסט דו אַזױ, טאָכטער מײנע? — פרעגט זי שרה־רחל.

האָט זיך רייזעל צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, און שרה־רחל, וואָס האָט געהאַט אַ „געניט אויג", האָט באַלד פערשטאַנען וואָס דאַ איז, און זי האָט איהר גענומען אויסרעדען דאָס האַרץ, ווי וויט זי האָט געקאָנט.

— ס'איז אַ גאָטס־זאַך, — האָט איהר שרה־רחל געזאָגט — ס'איז פון גאָט. אַ קשיה, אפשר אין דעם זכות וועט קומען זעטעל?...

דערהערט דעם נאָמען זעטעל, האָט זי דערפיהלט, אַז דאָס גאַנצע בלוט איז איהר צוגעטרעטען צום פנים — און ביידע וויבער האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פרעמדער פריזבע, זיך געשושקעט־געשושקעט, גערעכענט אויף די פינגער און צעגאַנגען זיך.

וויפיעל רייזעל האָט געקאָנט האָט זי דעם סוד געהאַלטען טיעף ביי זיך פערבאָרגען, ביז עס איז איינמאָל אין אַ שענעם פריהמאָרגען אַרויסגעשפּרונגען און ס'איז געוואָרען אויס סוד, און פון דעמאָלט אָן איז העניך דעם סטאָליר'ס שטוב געוואָרען פאַר איהר אַ גיהנם. עס האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אַז אַלע קוקען אויף איהר, אַלע רעדען פון איהר, און מעהר פון אַלץ האָט זי נישט געקאָנט אַריבערטראָגען דאָס, וואָס מע שעלט איהר זעטלען. ווער עס האָט גאָט אין האַרצען באָדט זיך אין זיין בלוט.

מעהר פון אַלעמען איז איהר דערגאַנגען די יאָהרען לאה די בעקערין. לאה די בעקערין האָט אויף איהר שטאַרק רחמנות געהאַט, פלעגט זי איהר אונטערטראָגען אַפטמאָל אַ פריש שטיקעל בולקע, אַ ברויטעל, אַ „ווישקראָבעק" און זאָגען בשעת מעשה:

— נאַ, רייזעל, פאַרזוך דאָס געבעקס, וואַרגען זאָל ער זיך דאָרטען אין אַמעריקע, דער שאַרלאַטאַן דיינער, כיט'ן ערשטען ביסען, זיסער גאָט!

— ער זאָל חאַטש וויסען דאָרטען, אַז אָט־אָט ווערד ער אַ מאַטע, דער רוח זאָל איהם נעמען! — העלפט איהר אונטער פּחיזיג די תלמיד'קע.

— און אז ער וועט וויסען, וועט ער זיך צעקראַצען דאָרטען, דער שניידערוק, פאַרחאַפּט זאָל ער ווערען! — לעגט־צו אַ קנויטעל אַסנה די קורעלאַפּניטשקע.

די דאָזיגע ווייבער — דאָס זענען אַלץ שכנים, וואָס זיצען מיט רייזלען ביי העניך דעם סטאָליר אין שטוב. איטליכע פון זיי האָט זיך איהר אַלקירעל, איהר בעל־הבתישקייט, איהר בעט־געוואַנט, איהר מאַן און איהרע קינדערלעך. און קינדערלעך זענען דוקא ביי זיי, ברוך השם, גענוג. ס'איז דאָרטען שטענדיג אַ הו־האַ, אַ געשריי, אַ געפּילדער: די קינדער צווישען זיך רייסען זיך; די בעל־הבית'טעס קאָכען און באַקען אַלע ביי איין אויווען, פיהרען צווישען זיך רכילות, רעדען איינע אויף דער אַנדערער לשון־הרע, קריעגען זיך און בעטען זיך איבער, לייהען און פערלייהען איינע דער אַנדערער, אבי ס'איז נאָר פאַרהאַן וואָס. פרייהען זיך אַלע אינאיינעם אויף איין שמחה און לעבען כמעט ווי איין משפחה.

רייזעל האָט זיך אויפגעהאַפּט ווי פון'ם שלאָף מיט אַ נייעם מין געשריי:

— גאָט! גאָט! גאָט!...

— אַט אזוי, אַט אזוי, טאַכטער! — האָט זי שרה־רחל געטרייסט. — אַצינדערט געהען ערשט די רעכטע „וועהען". נאָך איינע צוויי־דריי גוטע געשרייען וועסט דו, אם ירצה השם, אי־בערקומען געזונטערהייד... אַט אזוי, אַט אזוי... מזל טוב דיר, טאַכטער, האָסט געהאַט אַ יונגעל!

---

אז ס'איז געבאָרען געוואָרען ביי רייזלען דאָס יונגעל, איז דאָס ערשטע געווען אויסבאָדען דאָס קינד, איבערוויקלען און בעטראַכטען אין וועמען איז דאָס געראָטען — און אַלע דריי ווייבער האָבען אויסגעשריגען אין איין קול:

— אַ וועהטיג איהם אין פּנים! איינגאַנצען „ער" מיט די ביינער!

נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן שמועסן מכה א יבעל פאַר־דער קימפּעטורין. האָט איינע אויסגעוואָרפן דער אַנדערער, פאַר וואָס מע האָט נישט פערזאָרגט די קימפּעטורין האָט'ש מיט איין עוף. די גאַנצע באַד האָט מען אַרויפגעלעגט, געוויינטליך, אויף אסנה די קורעלאַפּניטשקע.

— איהר זענט אַ אידינע, וואָס קאָטאַרי איהר האַנדעלט מיט עופות, זענט איהר ניט קליין געווען פריהער מיט צוויי וואָכען אוועקזעצען איין עוף פון רייזעל'ס וועגען!? פּראָסטע וואָלטען מיר שוין אליין געקויפט, און שחיטה־געלט וואָלטען מיר גענומען אויף זיך.

לאה די בעקערין האָט פערקאַטשעט די אַרבעל און האָט זיך אוועקגעשטעלט מאַכען פוטערגעבעקס פאַר דער קימפּעטורין, און פרומע די רביצין איז אוועקגעלאָפען צו איהר מאַן, רב חיים־חנא דער מלמד, און האָט ביי איהם געפועל'ט, ער זאָל באַלד אָנשרייבען שיר־המעלות'ען פאַר דער געווינערין.

האָט חיים־חנא דער מלמד פערקאַטשעט די אַרבעל און האָט אָנגעשריבען שיר־המעלות'ען, וואָס ביי דער רייכסטער גע־וויינערין האָט מען אַזעלכע נישט געזעהן. אין מיטען איז געשטאַנען אויסגעמאָהלט אַ געצאַצקעטע פּיראַמידע:



בײ די זײטען איז געשטאַנען דער געװיסער פּסוק:

מכשפה לא תחיה

לא מכשפה תחיה

תחיה מכשפה לא

און אונטען, מיט גאַנץ גרויסע אותיות:

ס נ י ו ס נ ס נ י ו ס מ נ ג ל ף

די געװיסע פערבאַרגענע װערטער, װאָס זענען אַ סגולה צו אַ „גוט־אויג" און צו אַלע צרות. הכלל, עס איז בעשאַפען געוואָרען אַלסדינג, װאָס מע בעדאַרף.

די קימפּעטורין איז געלעגען און האָט נאָר בעטראַכט די דאָזיגע װײבער:

— גאָט זאָל זײ צאָהלען! פאַר װאָס קומט דאָס מיר? פאַר װעלכע מעשים טובים?...

אַז די מאַנסבילען האָבען זיך אַביסעל אָפּגעפּאַרטיגט מיט אַלע ארבײט, האָבען זײ געמאַכט אַ שמועס מכח פראַװען אַ ברית.

העניך דער סטאָליר, חאָטש ער איז אַ איד ניט קײן גביר און קײן יונגלעך איז ער ניט זשעדנע בײ זיך, פון דעסטװעגען האָט ער געזאָגט, אַז װי באַלד די שמחה איז בײ איהם אין שטוב, װײל ע ר די מצוה און נעמט דעם ברית אויף זיך. האָט זיך דער איבעריגער עולם געפונען װי בעלעדיגט:

— פאַר װאָס קומט איהם אײנעם אַלײן אַזאַ מצוה? ער האָט זעהר שען גע'דרש'עט? דער ברית איז א ל ע מ ע נ ס ברית!

אַז ס'איז געקומען צו די כבודים אויסטײלען, איז געװאָרען אַ שטיקעל סכסוך.

העניך דער סטאָליר האָט גערעכענט, אַזוי װי ער איז בעל־הבית, װעט מען איהם מסתמא געװיס אָפּגעבען סנדק, — האָט ער אָבער געהאַט אַ מיאוס'ען טעות. סנדק, האָבען אַלע געזאָגט, קומט רב חיים־חנא דעם מלמד, מחמת רב חיים־חנא דער מלמד איז אַ איד, װאָס קאָן, פערשטעהט איהר מיך, לערנען. האָט שױן

העניך דער סטאָליר געמוזט נאָכשטופּען די קאָרעטע און זאָגען, אַז ער האָט אַליין אויך גאָר אַנדערש ניט גערעכנט... דערפאַר האָט מען איהם מכבד געווען מיט כסא־של־אליהו, און מציצה האָט מען געמוזט אוועקגעבען אַסנה דער קורעלאָפּניטשקעס מאַן, מחמת אַסנה דער קורעלאָפּניטשקעס מאַן איז אַ בייזער איד. ער קאָן מאַכען אַ סקאַנדאַל!

הקיצור, מע האָט זיך מיט די כבודים ווי עס איז איינגעטיילט.

איז געבליבען נאָך איין זאַך, סאַמע דאָס בעסטע: וואו וועט מען נעמען משקה?

— משקה? — רופט זיך אָן שרה־רחל די באָבע. — איהר זאָלט שוין אַזאַ דאגה האָבען מיט אַלדאָס גוטס, ווי איהר האָט אַ דאגה מיט משקה!

און שרה־רחל האָט געכאַפּט אויף זיך דעם קעצענעם בורנוס און איז אַוועק צו איהר איידעם יודעל דעם וויינער, וואָס מאַכט די זיסע בראָנפענס, און האָט איהם געבראַכט צו פיהרען אויפ'ן ברית מיט צוויי פלעשלעך רויטען בראָנפען, וואָס מע רופט דאָס „קראַמבאַמבולי“. און אַז דער עולם האָט נאָך די פיש גענומען צו גלעזלעך „קראַמבאַמבולי“, איז מען באַלד געוואָרען לעבעדיג, פריי־ליך, און עס האָבען אָנגעהויבען פליהען לחיים'ס.

— לחיים! — האָט געזאָגט דער „סנדקא“, רב חיים־חנא דער מלמד, אַ איד מיט אַיין אויסגעפליקטער באָרד פון איין זייט און מיט אַ שוואַרצער גלאַנצענדיגער פעטשיילע אויפ'ן האַלז. — לחיים! לאָז גאָט העלפען, מיר זאָלען דערלעבען טרינקען אויף זיין בר־מצוה.

— לחיים! — האָט געזאָגט „כסא־של־אליהו“, העניך דער סטאָליר. — לחיים! לאָז גאָט געבען, מיר זאָלען דערלעבען טרינקען אויף זיין חתונה!

און דער „בעל־מציצה“, אַסנה דער קורעלאָפּניטשקעס מאַן, איין אויסגעדיענטער ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַט מיט גראָבע שוואַרצע

ליפּען, האָט אַרײנגעהאַקט דרײ כּוסות מיט אַ מאָל און איז אַװעק מיט זײן װינשעװאַניע נאָך װײטער:

— לחיים! לאָז גאָט געבען, מיר זאָלען דערלעבען טרררינקען אויף ברית'ען, אויף בר־מצוה'ס און אויף חתונות בײ איהם, און בײ זײנע קינדער, און בײ זײנע אײניקלעך, און בײ זײנע אור־אור־אײניקלעך!

און די װײבער האָבען אויך גענומען צו קאַפּעטשקעלעך, און זענען געװאָרען רױטפּאַרביג און שטאַרק בערעדעװדיג, און האָבען גערעדט אַלע אינאײנעם, װי די גענז.

נאָכדעם האָבען די מאַנסבילען אַרױסגעטראָגען די טישען מיט די בענקלעך, אַראָפּגעװאָרפען, מחילה, די קאַפּאָטעס און האָבען געחאַפּט אַ טענצעל, מחילה, אין די תחתונים, װי, להבדיל, שמחת־תורה.

און אויפ'ן בעטעל, פערהאַנגען מיט אײן אַלטען צעריסענעם לײליך, אַרומגעשטעקט פון אויבען ביז אַראָפּ מיט שיר־המעלות'ען, איז געזעסען רײזעל די קימפּעטוריןן מיט אַ ברעקעלע קינד אויף די הענד, געװיקעלט אין שמאַטעס, צוגעטולעט צו דער ברוסט. זי האָט געקוקט אויף די דאָזיגע גוטע מענשען, װאָס האָבען גע־װאונשען איהר אַזױ פיעל גוטס, זי װײסט ניט פאַר װאָס און פאַר װען, און האָט געקוקט אויף איהר קינד, איהר טרײסט:

— אינגאַנצען ע ר! ע ר מיט די בײנער!

און צװײ טרערען האָבען אַראָפּגעקאַפּעט פון איהרע שענע בלױע טיעפע אויגען, געקװיקעלט זיך איבער איהר בלאַס אויס־געמוטשעט פּנים און אַראָפּגעפאַלען אויף דער װײסער יונגער ברוסט.

# נחת פון קינדער

(מאָנאָלאָג).

— קיין נגיד, הערט איהר, בין איך ניט. ווייט פון אַ נגיד. גאָרנישט. אַ בעל־הבית מיט אַ דירה איין אייגענע. האָטש וואָס האָט מען, משטיינס געזאָגט, ביי אונז פון אַ דירה? מכות! — נאָר נחת פון קינדער, קאָן איך מיך באַריהמען, האָב איך, ברוך־השם, מעהר פונ׳ם גרעסטען גביר אין כתרילעווקע! ביי מיר, הערט איהר, אַז עס קומט אַ יום־טוב און עס קומען זיך צונויף אַלע קינדער, קיין עין־הרע, זיהן און טעכטער, שניר און איידעמס מיט אַלע אייניקלעך — ווער איז צו מיר גלייך?

למשל, נעמט פורים צו דער סעודה.

וואָס פאַר אַ טעם, פרעג איך אייך, האָט אַ סעודה, אַז מע זעצט זיך צום טיש איינער אַליין מיט׳ן ווייב און מע עסט?

נו, שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב שוין אָפּגעגעסען די פיש מיט דער יויך, לאָקשען, צימעס, דאָס, יענץ — נו וואָס? בלאָטע שבבלאָטע! אַ פערד, להבדיל, עסט אויך. אַ מענטש איז דאָך אָבער נישט קיין פערד. ובפרט אַ איד. ובפרט יום־טוב. ובפרט אַזאַ יום־טוב, ווי פורים צו דער סעודה!

קודם כל — די קינדער, קיין עין־הרע.

אַכט האָב איך, זאָלען געזונט זיין, אַלע אויסגעגעבענע. (געווען צוועלף — פיער זענען, די צו לענגערע יאָהר, אַוועקגעגאַנגען). האַלב זענען זיהן, האַלב זענען טעכטער; פיער איידעמס

און פיער שניר; האָט איהר שוין, קיין עין־הרע, אַ קיימאַ־לן פון זעכצעהן.

היינט אייניקלעך, לעבען זאָלען זיי!

נישט צו פאַרזינדיגען. וואָרום אַלע טעכטער און אַלע שניר קינדלען, ברוך־השם, אַלע יאָהר; ביי וועמען ס'איז פאַרהאַן עלף, ביי וועמען — נייען, ביי וועמען זיעבען. קיין עקרות, אַזעלכע, הייסט דאָס, וואָס זאָלען חלילה נישט האָבען גאָר נישט, איז ביי מיך נישט פאַרהאַן.

נאָר מיט איין זוהן, מיט'ן מיטעלסטען, האָב איך געהאַט אביסעל צו טהון: מיין שנור האָט אַ צייט קיין קינדער נישט געהאַט. נישטאָ און נישטאָ — און געננוג!

האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה: דאָקטוירים, דער רבי, להבדיל דער טאַטער — עס העלפט נישט.

קיצור־הדבר, ס'איז געבליבען — גט'ען זיך.

מילאַ, גט'ען זיך — גט'ען זיך. ס'איז געקומען צום גט'ען זיך — ווער? וואָס? זי וויל ניט!

וואָס הייסט, זי וויל ניט? זי האָט איהם, זאָגט זי, ליעב. טפש איינער! וואָס הערסט דו זי, זאָג איך, וואָס זי האָט דיך ליעב? זאָגט ער: איך האָב זי אויך ליעב. וואָס זאָגט איהר אויף דעם חכם? איך זאָג איהם „קינדער" — זאָגט ער „ליעב"!... וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ לעקיש?

קיצור־הדבר, זיי האָבען זיך נ י ש ט גע'גט. און גאָט האָט געהאָלפען — שוין אַ יאָהר זעכס, אַז זי האָט אָנגעהויבען צו קינדלען, קינדעלט זי וואָס אַ יאָהר, וואָס אַ יאָהר; שיט מיך אָפּ מיט אייניקלעך!

איהר זאָלט זעהען ביי מיר אייניקלעך — אַלע געראָטענע, איינס שענער פון'ם אַנדערען, אין זייערע פּנים'ער נישט אַריינ־צוקוקען! איך זאָג אייך — אַנטיקלעך!

היינט ווי אַזוי לערנען זיי! טאָמער ווילט איהר אַ בלאַט גמרא — איז אַ בלאַט גמרא אויסוועניג. פון חומש מיט רש"י, מיט

תנ"ך, מיט דקדוק, מיט די אַלע איבעריגע הייגטיגע שאַלעמויזען שמועסט מען ניט. זייער לייענען און זייער שרייבען אידיש און רוסיש און דייטש און פראַנצויזיש, און און און...

אז איך באַדאַרף אמאָל אַ בריוועל איבערלייענען, אַיין אַד־רעס אָנשרייבען, צי וואָס, — ווערד אַ מלחמה: „זיידעניו, אַט וועל איך! זיידעניו, אַט וועל איך!"

אי וואָס, איהר וועט פרעגען „פרנסה"? עט, פאַרהאַן אַ גרויסער גאָט! ער פיהרט אויס. אַ מאָל אַזוי, אַ מאָל אַזוי. אַ מאָל בעסער, אַ מאָל ערגער. מאַהלט אייך, מעהר ערגער ווי בע־סער — מע מוטשעט זיך און מע קומט דורך מיט'ן יאָהר, אבי געזונט, ווי זאָגט איהר.

מיין עלטערען זוהן איז געגאַנגען ניט שלעכט. ער איז גע־זעסען אין אַ דאָרף, אין זלאַדיעוועקע איז ער געזעסען, און געהאַט גאַנץ פיין פרנסה; נאָר אַז ס'איז אַרויס דער אוקאַז פונ'ם דריטען מאַי, האָט מען איהם געבעטען מחילה; האָט ער דאָך מסתמא גע'בריה'ט זיך, געוואָלט אויסווייזען, אַז ער איז ניט קיין „פאָ־סעליוושיסיא", געבראַכט פאַפּירען, אַז ער זיצט דאָרטען נאָך פון ששת ימי בראשית, דערלאַנגט אין סענאַט. בקיצור, ס'האָט ניט געהאָלפען קיין שמע־ישראל, מע האָט איהם אַרויסגעטריבען, און ער קאָן נאָך עד היום צו זיך ניט קומען... זיצט ער ביי מיר מיט ווייב און קינדער. אַ ברירה האָט מען?

און דעם אַנדערען זוהן מייגעם געהט נעבאָך גלאַט נישט. וואָס ער זאָל ניט טהון — איז שלים־שלים־מזל, ווי זאָגט איהר, „מיט דער פוטער אַראָפּ". קויפט ער תבואה, ווערד אַ זול. האַנ־דעלט ער אַיין אָכסען, פגר'ען זיי. ריהרט ער זיך צו צו וואַלד, איז אַ וואָרעמער ווינטער — אַ בר־מזל! ער זאָל אַ קוק טהון אין טייך, וואָלטען גע'פגר'ט אַלע פיש... האָב איך מיך מיישב געווען און זאָג איהם: „ווייסט דו וואָס? פּעקעל זיך אַריבער מיט ווייב און קינדער צו מיר. ממה נפשך!"...

דעם דריטען זוהן מיינעם איז יא געווען נישקשה, איז ער אין דער גרויסער שרפה, גיט היינט געדאכט, אפגעברענט געווארען, ארוים ווי די מאמע האט איהם געהאט, און האט נאך געהאט אויף זיך א גוט פעקעל מיט א מסירה'לע, מיט א סלעדאוואטעל, מיט צרות, מיט א פריזיוו — פרעגט ניט — ס'איז גוט!... היינט זיצט ער ביי מיר מיט דער גאנצער חאליאסטרע. וואס דען?...

נאר איין קלענערען זוהן מיינעם איז, קיין עין-הרע, גאנץ נישקשה'דיג. שייך זאגען נישקשה'דיג? קיין געלט האט ער ניט, נאר ער האט א רייכען שווערער. דאס הייסט, ער איז ניט אזוי רייך, ווי א בעל-פרנסה. האט געשעפטען א סך, א גרויסער דרעהער, א „קרוטין", זאל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין! ער דרעהט אזוי לאנג, ביז ער פארדרעהט אי זיך, אי יענעם. נאר וואס דען? ער דרעהט זיך אלע מאל אוים, דער הונט. ער האט שוין ניט איין מאל גע'פטר'ט אי זיין געלט, אי די קינדער'ס געלט. זאג איך צו איהם: „וואס האט איהר געהאט צו מיין זוהן'ס געלט?" זאגט ער: „איהר האט עפים ארייננעלעגט א סך פוטער?"... זאג איך: מיין זוהן איז מיר דערוויל א קינד". זאגט ער: „און מיין טאכטער איז ביי מיר ניט קיין קינד?" זאג איך: „עט!" זאגט ער: „בע!" זאג איך: „מילא!" זאגט ער: „בקיצור!" א ווארט פאר א ווארט — האב איך אוועקגערופען מיין שמויגער און זאג צו איהם: „טהו א שפיי, זאג איך, אויף דיין שווער דעם נגיד, דעם דרעהער, און זעץ דיך אוועק ביי מיר — וואס גאט וועט געבען, אבי אינאיינעם"...

זעהט איהר, צו איידעמס האב איך גאר קיין גליק נישט. אבער טאקי לחלוטין ניט! דאס הייסט, איך האב צו זיי קיין טענות ניט, און שעם זיך חלילה נישט מיט זיי, ווארום איך האב, מעגט איהר מיר גלויבען, אזעלכע איידעמים, וואס דער גרעסטער גביר פארמאגט זיי ניט. פיינע קינדער, מיוחסים, פארשוינען, קעפמענטשען!

איינעם האָב איך איין איידעם פון גאָר אַ גרויסען יחוס, אַ צאַצקעלע, אַ זיידען קינד, אַ געראָטענער מיט אַלע מעלות און אַ גרויסער למדן, זיצט און לערענט. איך האַלט איהם ביי זיך אויף קעסט פון נאָך דער חתונה אַן, וואָרום ווען איהר זאָלט איהם קענען, וואָלט איהר אַליין געזאָגט, אַז ס׳איז גאָר איין עבירה אַרויסצולאָזען אַזעלכם אויף דער וועלט — וואָס וועט פון איהם ווערן?

דעם אַנדערען איידעם האָב איך שוין נישט אַזא יחוס, נאָר דאָס קרן איז אָבער איין אַנטיק, דהיינו: וואָס ווילט איהר? שרייבען, און לייענען, און חשבונ׳ען, און זינגען, און טאַנצען, און וואָס ניט? היינט שפּיעלט ער אין שאָך — אַז מע שמוסט, ער יכול׳ט! פון דעסטוועגען, הערט איהר, אַז ס׳איז ניט באַשערט, ווי זאָגט שלמה המלך: לא לחכמים לחם — אַלע קענערס געהען אָהן שטיוועל. איך האָב איהם שוין געפּרובט אויף אַלע זייטען: ער איז שוין געווען אַ פּאָסעסער, און אַ קרעמער, און אַ מלמד, און אַ שדכן — עס געהט נישט, חָטש צערייס זיך! זיצט ער איצט ביי מיר מיט די קינדער. איך וועל דאָך מיין טאָכטער אויף דער גאַס ניט אַרויסוואַרפען!

נאָך איין איידעם האָב איך, שוין נישט אַזא גרויסער קענער, נאָר אויך נישט קיין אבי־וועה. דער גוטער קאָפּ מיט דער שענער האַנד, מיט דעם בלאַט גמרא, מיט׳ן שענעם פּיסק — אַז ער רעדט, שיטען זיך פּערעל, אַ חיות צו הערען!

איין חסרון נאָר, וואָס ער איז צו איין אַיידעלער, כמעט אַ רוחניות, דאָס הייסט, ער איז נישט אַי..עריג געזונט. דאָס הייסט, אפילו אַז איהר וועט אַ קוק טהון אויף איהם אַזוי, איז ער, דאַכט זיך, גאָר נישט... נאָר וואָס דען? דאָס וואָס ער שוויצט. און דערצו נאָך דער הוסט! פון אַ צייט אַז ער האָט באַקומען אַ פאַר־סקודנע הוסט מיט אַ מין קוויטש, און ס׳איז איהם שווער צו חאַפּען דעם אָטהעם. דאָקטוירים הייסען איהם טרינקען מילך

און פאַהרען קיין בויבעריק אויף אַ דאַטשע. אהין פאַהרען, זאָגט מען, אַלע קראַנקע. דאָרטען, זאָגט מען, איז פאַרהאַן אַ וואַלד אַזעלכער, וואָס איז אַ רפואה צום הוסט. רעכען איך, אם ירצה השם, איבער אַ יאָהר זומער, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען, זיך דורכפאָהרען מיט איהם קיין בויבעריק. דערוויילע, ביז ער וועט אַמאָל ווערען געזונט, ליגט ער מיט'ן ווייב און קינדער, געוויינטליך, אויף מיינע פּלייצים. עפּיס אַ תירוץ?

היינט האָב איך נאָך איין איידעם, שוין גאָר אַ פּראָסטען, נאָר אַ האָרעפּאַשנעם יונג, דאָס הייסט, חלילה נישט קיין בעל־מלאכה, נישט קיין שניידער, נישט קיין שוסטער, נאָר קיין חדר־יונגעל אויך ניט.

ער איז אַ „פּיליער“ איז ער; ער האַנדעלט מיט פיש האַנדעלט ער. זיין טאַטע האַנדעלט מיט פיש, זיין זיידע האָט געהאַנדעלט מיט פיש, די גאַנצע משפּחה זייערע ווייכען — נאָר פיש און נאָר פיש און נאָר פיש!

דאָס הייסט, זיי זענען אַפילו גאַנץ עהרליכע אידען, אָרענטליכע, נאָר פּראָסטע מענטשלעך.

וועט איהר דאָך פרעגען: ווי קומט צו מיר אַזאַ איידעם? מסתמא איז דרינען פאַרהאַן אַ מעשה, ווי זאָגט מען: אין אַ טייך וואַרפען זיך דורך אַלערליי העכט. מסתמא איז מיין טאָכטער'ס גליק אַזוי, אַז זי באַדאַרף האָבען אַ זאַ מאַן.

דאָס הייסט, האָבען האָב איך צו איהם גאָרניט; מיין טאָכטער לעבט פאַר איהם דוקא גליקליך. ווארום בטבע איז ער דוקא אַ גוט מענטשעל, אַ דימענט, צוגעלאָזט, הערט איהר, צו אונז אַלעמען ביז גאָר, וויפיעל ער פאַרדיענט גיט ער אָפּ איהר, און העלפט אויס יענע איידעמס מיינע און די זיהן ווי ווייט מעגליך. וואָס איז שייך זאָגען? — ער האָרעוועט כמעט אינגאַנצען אויף אונז, און האָט פאַר אונז אַלעמען דרך־ארץ. ווארום ער ווייסט

גאַנץ גוט, ער פיהלט, פאַרשטעהט איהר מיך, ווער ע ר איז און ווער מ י ר זענען; ער איז ער און מיר זענען פאַרט מיר! מיט דער האַנד, הערט איהר, קאָן מען דאָס ניט אוועקמאַכען.

וואָרום אז עס מאַכט זיך אַמאָל, מע קומט זיך צייַנויף צווי־שען מענטשען, און מיינע קינדער מאַכען אַ שמועס מכח די קליינע אותיות, עפּיס אַ דין אין שלחן־ערוך, צי אַ שאַרף שטיקעל גמרא, צי גלאַט אַ פּסוק, מוז ער נעבאַך זיצען און שטומען, וואָרום ס'איז פאַר איהם, ניט דאָ געדאַכט, אַ סוד!

אודאי מעג ער זיך איבערנעמען, וואָס ער האָט אַזוינע שוואָ־גערס, און מעג האָרעווען פון זייערטוועגען! ווי זאָגט איהר? ניט אַזוי? האַ?

אַצינד, אַז איהר זענט שוין אַביסעל בעקאַנט מיט מיין גע־זינדעל, פאַרשטעהט איהר שוין וואָס פאַר אַ ש מ ח ה ביי מיר איז און וואָס פאַר אַ נחת איך האָב, אַז עס קומט אַ יום־טוב, למשל, פּורים צו דער סעודה, און אַלע קינדער מיט אַלע אייניקלעך, קיין עין־הרע, זעצען זיך אויס אַרום טיש, און מע מאַכט המוציא איבער דעם שענעם גרויסען קלוגען פּורים־קוילעטש, וואָס מיט זאפראַן און מיט ראָזינקעס אַרומגעשטעקט, מיט די גוטע געפעפּערטע און געצוקערטע פיש מיט חריין, מיט די גוטע געלע לאַנגע לאָקשען מיט יויך, און מע נעמט צו קאַפּלעך משקה, אַז גאָט העלפט אַ פלעשעל ווימאַראַזיג, איין אמת'ער אַ „קאָוועשאַנער“, אָדער אַ גלעזעלע גוטען ווישניק, אבי ס'איז נאָר דאָ, און פאַר נויט — איז אַ פּראָסט ביסעל יי"ש אויך אַ סחורה, און מע טהוט אַ זינג, איך דעם שושנת יעקב, און נאָך אַ מאָל — שושנת יעקב! און ווידער אַ מאָל — שושנת יעקב! טהוען אַ האָפּ־אונטער די קינדער:

צהלה ושמחה!

און די קליינע שקצים, די אייניקלעך, אויפ'ן דינעם קול'כעל:

אור ליהודים! אור ליהודים! אור ליהודים!

און מע געהט נאָך אַ טענצעל אויך, — דעמאָלט ווער איז צו מיר גליידך? וואָס מיר בראָצקי? ווער מיר רויטשילד? אַ מלך, ווי איהר זעהט מיך אַ אידען, אַ מלך!

קיין נגיד, הערט איהר, בין איך ניט, נאָר נחת פון קינדער האָב איך, ברוך-השם, מעהר פונ'ם גרעסטען גביר אין כתרילעווקע!

# א פערשטערטע חתונה

ווי אזוי זאָל זיך נח צעלניקער נישט פרייהען, אז גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער גיט אוים דאָס לעצטע קינד, ער מאַכט חתונה די יונגסטע טאָכטער?

פאַר וועמען?

למאַי נפקא־מינה — צי פאַר ברוכ'ען, צי פאַר זרח'ען, צי פאַר פייטלען, צי פאַר'טרייטלען? — אויסגעגעבען, חתונה געמאַכט — און איין עק!

מיינט איהר דאָך, אז נח צעלניקער איז אזא פאָטער, וואָס פטר'ט אראָפּ א טאָכטער, א האָרב פון די פּלייצעס, גלאָט אזוי, אבי פטור געוואָרען? האָט איהר א טעות!

אזא פאָטער, ווי נח, האָט איהר ניט דעם צווייטען אין דער וועלט.

דאָס גאַנצע לעבען זיינס האָט ער מקריב געווען פון די קינדערס וועגען: געהאָרעוועט, אויסגעריסען געוואָרען, גאַנצע טעג אויף דער היטץ, גאַנצע נעכט אויפ'ן פראָסט, זיך געשלעפּט אין רעגענס און אין בלאָטעס, שוין געלעגען וויפיעל מאָל אונטער'ן וואָגען אויך, א פאָר מאָל ווינטער אין א פאָלאָנקע, זיך צוגעקיהלט די לונג, בעקומען א מאָדנע הוסט — איהר פרעגט, ווי אזוי מע ווערד פערשוואָרצט? אנו, פּרובט אויסהאַלטען א ווייב מיט קינדער פון א צעלניק־קראָם, א „גאַלאַנטעריי־געשעפט", אין כתרי־לעוווקע!

אז די קינדער זענען געװען קלײניטשקע, פלעגט זיך נח אלײן שלאָגען מיט זײ קאָפּ אָן װאַנד: װיקלען, האָדעװען, צװאָגען — אַלסדינג.

װעט איהר דאָך פרעגען: װאו איז געװען די מאמע זײערע?

די מאַמע זײערע, זעלדע, איז געװען פערנומען אין געשעפט, מעהר צװישען פּריצים; ער — אין שטאָדט, זי — אין דער סביבה.

פאַר װאָס עפּיס זי, ניט ער? זי פערשטעהט די שפּראַך, קאָן רעדען מיט אַ פּריץ, איין בריה אויף אָפּזעצען אַ שטיקעל סחורה אין דער פרעמד.

מיט דער שטאָדט קאָן זעלדע נישט האַנדלען. אַנקוקען קאָן זי ניט די כתרילעװקער קונים — זײ זענען צו קלוג! פּריצים — די זענען גאָר אַנדערע מענשען. אַ פּריץ, אַז מע זאָגט איהם „יאַק באַגאַ קאַהאַם“ — גלױבט ער, און אַ כתרילעװקער איד, איהר זאָלט פאַר איהם, שונאי-ציון, חאַפּעי די ערד, װעט ער אײך ענטפערען מיט אַ שמײכעלע:

— למאי זאָלט איהר זיך שװערען? איהר זענט ביי מיר באַגלויבט אָהן אַ שבועה!...

נדן גיט נח צעלניקער דער יונגסטער טאָכטער זײנער פינף און זיבעציג; דאָס הײסט, צוזאָגען האָט ער צוגעזאָגט ק"ן, פינף און זיבעציג בשעת תנאים, און פינף און זיבעציג שפּעטער, „לכשירחיב“...

איז אָבער דער „לכשירחיב“ נאָך נישט געקומען.

אויף דעם „לכשירחיב“ קוקט-אַרוים גאַנץ כתרילעװקע שוין אַ שאָק מיט יאָהרען, און נישטאָ איהם.

ער װעט אַמאָל קומען, צי ניין? עס קאָן זיין! מיט װאָס איז ער ערגער פון משיח'ן? װאַרטען דען ניט אידען אויף משיח'ן?...

קיצור-הדבר, זייט זיכער, דער שידוך װעט זיך איבער נדן נישט צעגעהן. װאָרום ס'איז אַ הײמישע זאַך: די מחותנים

קענען זיך און האבען זיך ליעב; די מחותנת'טעס קענען זיך און האבען זיך ליעב; חתן־כלה קענען זיך און האבען זיך לי...

איך האב מיך שיער ניט ארויסגעהאפט מיט א ווארט! אז איהר וועט מיר צוזאגען, אז עס וועט זיין בסוד, וועל איך אייך עפּיס דערצעהלען.

נאך איידער ס'איז איינגעפאלען רב שלום־שכנא דעם שדכן, ער זאל רעדען דעם דאזיגען שידוך, האבען זיך חתן־כלה שוין לאנג געקענט און געשריבען בריוולעך, וואס זיי אליין טאקי האבען זיך איינס דאס אנדערע איבערגעגעבען.

ער האט געלערענט אין חדר, און זי איז געשטאנען אין קלייט.

איינמאל געהט ער פארביי מיט'ן תפילין־זעקעל אין בית־מדרש אריין, ראש־חודש איז דאס געווען, דערזעהט ער זי שטעהן ביי דער טיר אין א רויט סיצען קליידעל, וואס זי אליין טאקי האט דאס אויפגענייהט, מיט א ווייס געשטיקט שאלעכעל אויפ'ן קאפ, אויך איהר אייגענע ארבייט, און איהרע שענע שווארצע גרויסע אויגען קוקען גלייך אויף איהם און שמייכלען.

האט זיך איהם אויסגעדאכט, אז דאס קוקט זי אויף איהם. די זון האט געשמאלעט, און א ווארעם ווינטעל האט זיך פער'גנבה'ט, א גלעט געטהאן די פאה, און ער האט א מורקע געטהאן: „פרייד־דעל — א היבשע נקבה!"...

האט ער נאכדעם נישט געקאנט דאוונען — זי איז איהם געשטאנען פאר די אויגען.

סאמע צו הלל, צו „מן־המצר", דערמאנט ער זיך אן דעם צעלניקער'ס טאכטער און אן איהרע שענע שווארצע גרויסע אויגען, צעשאקעלט ער זיך און שרייט דעם „מן־המצר" אויף א קול, טאמער וועט ער פערגעסען.

ער געהט פון בית־המדרש אהיים און קוקט אהין, טאמער וועט ער דערזעהען פריידלען.

ער קומט אין חדר אריין, נעמט זיך צו דער גמרא, קוקט אריין אין תוספות — דערזעהט ער פריידלען.

ביינאכט אין חלום זעהט ער פריידלען — אומעטום פריי־דעל!

רב שלום־שכנא דער שדכן איז געפאלען אויף א גלייכער זאך. ער איז געקומען צו נח צעלניקער אין קלייט אריין איהם פארלעגען דעם שדוך פאר זיין יונגסטער טאכטער מיט ברוך בן־ציון'ס יונגעל דוד. און האט ארויסגענומען דאס פושקעלע טאבעקע און אנגעהויבען אויסרעכענען, וואס פאר איין אנטיק ער האט איהם געבראכט צו טראגען פאר זיין טאכטער. האט זיך פריידעל געמוזט אפקעהרען אן א זייט, מע זאל ניט זעהען, ווי זי איז רויט געווארען.

ביי איהר אויפ'ן ווייסען האלז, פערשטעהט איהר מיך, איז געהאנגען א בענדעל, און אויפ'ן בענדעל איז געהאנגען א קניפעל, און אין דעם קניפעל האט זיך געפונען א בריוועל, און אין בריוועל איז געשטאנען געשריבען אויף אידיש מיט זעהר א שענער האנד־שריפט, מיט ציקלעך און מיט קוועטשלעך און מיט דריידלעך, די דאזיגע ווערטער:

„טהייערסטע און ליעבסטע נשמה! מיין פריינד און מיין קרוין, מיין חיות און מיין לעבען! פריידעל.
„געזונד זאלסט דו זיין! ווען אונזער טייך זאל זיין
„פון גאלע טינט, און דער יואלד זאל זיין גאלע פענעס,
„און די גאנצע וועלט זאל זיין פאפיער, און איך זאל
„שרייבען צו דיר גאנצע טעג מיט גאנצע נעכט, וואלט
„איך דיר נישט געקאנט ארויסשרייבען קיין צעהנטור־
„זענד־חלק אפילו פון דעם, וואס מיין הארץ טהוט
„פיהלען צו דיר פון דער ערשטער מינוט אן, וואס איך
„האב דערזעהען דיין ליכטיג פנים, וואס איז שענער
„פון דער זון, און דערהערט דיין זיס קול, וואס איז
„זיסער פונ'ם זיסטען ווייז..."

און אזוי ווייטער.

דאס פארעל האט לאנג־לאנג ארויסגעקוקט אויף רב שלום שכנא דעם שדכן, ער זאל פאלען אויפ'ן שדוך. און אז דער שדוך

איז געוואָרען אַ שדוך, האָט דער חתן געשיקט דער כלה אַ פּאָר גילדענע אויהרינגלעך פאַר פופצעהן קארבען, און די כלה האָט אויס גענייהט דעם חתן מיט זילבער אויף סאַמעט אַ ניי תפילין־זעקעל, אַ מגן־דוד מיט צוויי לייבען און מיט אַ קרוין פון אויבען, וואָס מע האָט דאָס בעדאַרפט אָנקוקען אויף חדושים!

קיין גלייבען איז נישט געווען צו דעם פּאָרעל אויף דער וועלט. שטיל, אָהן ווערטער, האָבען זיי געצעהלט די וואָכען, די טעג, די שעות, די מינוטען צו דער חופּה — אויף שבת־נחמו איז אָפּגעשטעלט געוואָרען די חתונה — און די גליקליכע צייט איז געקומען, אין אַ גוטער שעה, אַ מזל'דיגער שעה.

ווער עס האָט ניט געזעהען זעלדע די צעלניקערין אינ'ם טאָג פון איהר פריידעל'ס חופּה אַרומלויפען מיט'ן זיידענעם טיכעל, פערבונדען פון יענער זייט האַלז מיט צוויי שפּיצען, און שרייען מיט אַ הייזעריג קול: „וואו איז ערגיץ נח, וויסט איז מיר?“ — דער האָט קיין שענס ניט געזעהען און דער פערשטעהט ניט, וואָס הייסט „פערטאַרעראַמט!“

— חתן־כלה פאַסטען, — האָט זי געשריגען מיט אַ קוויטש — און איהם האָט דער גוטער יאָהר! נח, וואו ביזט דו ערגיץ? גוואַלד, נח, איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען, נח!

— וואו איז דער מחותן? — האָבען איהר געהאָלפען שרייען חתן'ס צד. — שוין צייט באַזעצען די כלה! וואו איז דער מחותן?

און דער „מחותן“ איז געזעסען אין אַ ווינקעלע; ער האָט זיך פערקלויבען אָהין מיט אַ גומען ברודער, רב משה־יוסי דעם רב'ס איידעם, און דערצעהלט איהם אויס זיין בימער הארץ, וואָס פאַר אַ פערשטעהרטע חתונה ער האָט.

אַלע טעכטער, קיין עין־הרע, חתונה געמאַכט, ווי עס געהער צו זיין; אַלע מאָל אַראָפּגעבראַכט די יעהופּעצער כלי־זמר; געקומען צו דער מיזינקע — ניטאָ קיין כלי־זמר! אַ האַפּענדיגע חתונה! אַ פערשטעהרטע חתונה!

משה־יוסי דעם רב'ס איידעם גלעט זיך דאָס בערדעל, קוקט מיט שמייכעלדיגע אויגעלעך אויף דעם נאַרישען מחותן און זאָגט צו איהם:

— אַט האָט איהר דאָך כלי־זמר. די היגע כלי־זמר זענען דענן קיין כלי־זמר ניט?

— אויך מיר כלי־זמר! — מאַכט צו איהם נח. — א חתונה אָהן יעהופּעצער כלי־זמר!

ווען נח ווייסט דאָס פריהער, אַז די יעהופּעצער כלי־זמר וועלען ניט קאָנען זיין, לעגט ער אָפּ די חתונה אויף חצי אלול. שפּעטער, נאָך דער חופּה, האָט ער ווידער ניט געסטייעט.

— וואו איז נח? — שרייט כלה'ס צד.

— וואו איז דער מחותן? — שרייט חתנ'ס צד.

— דער מחותן? דער מחותן?

זעלדע געפינט איהם און גיט איהם א רעכטען פּסק, טהוט א פּלעסק בשעת מעשה מיט די הענד:

— שען מאַכסט דו חתונה די מיזינקע, וועה איז מיר!

— אָהן די יעהופּעצער כלי־זמר — מאַכט נח — איז דאָס ביי מיר א לויה, נישט קיין חתונה, א פּארשטעהרטע חתונה!

— גאָט איז מיט דיר, נח, וואָס רעדסט דו, נח? — זאָגט צו איהם זעלדע מיט פייער. — כתרילעווקער כלי־זמר זענען קיין אידען ניט? כתרילעווקער כלי־זמר האָבען קיין קינדער ניט? כתרילעווקער כלי־זמר באַדאַרפען נישט עסען? אי־פע — שע־מען מעגסט דו זיך, שעמען אין דיין ווייטען האלז אריין!... רב יהושע־העשיל, א פּריילכס!

און רב יהושע־העשיל דער כלי זמר, איין עלטערער איד מיט א וואַטאָווער קאַפּאָטע, מיט גראָבע פאות און מיט א לאַנ־גען טלית־קטן, טהוט א קלאַפּ מיט'ן סמיטשיק איבער'ן פיעדעל, און א וואונק צו דער חברה — און כתרילעווקער כלי־זמר בעוויי־זען, אַז זיי זענען אויך נישט קיין „יאַלדען": זיי שפּיעלען א

פרייליכס, ארבייטען אויף אַלע כלים, רייסען די סטרונעס, ברומען אויפ'ן באַס, בלאָזען אין די טרומייטען, פייפען אויף די פלייטען, קלאַפּען אין די טאַצען. דער עולם פּלעסקעט צו מיט די הענד, צעשפּרייט זיך, מאַכט די ראָד גרעסער און גרעסער. די מחותנים מיט די מחותנת'טעס פון ביידע צדדים נעמען זיך פאר די הענד און מע געהט אַ פריילינכס.

# נישט פאַר קיין אידען געדאַכט

זיידעל רב שעיה'ס איז אַ יונגערמאַן, וואָס זיצט אויף קעסט, טהוט נישט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער, זיצט און לערענט, האָטש ער האָט שוין עטליכע קינדער. נאָר וואָס האָט ער צו דאגה'ן, אַז ער איז אַ בן יחיד, און רב שעיה איז אַ איד אַ נגיד — איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר איז דאָס אינגאַנצען זיינס.

רב שעיה איז כל־ימיו געוועזן אַ איד אַ בעל־הלואה. זיין „קאַפּיטאַל" איז געוועזן צעוואָרפען איבער דער גאַנצער שטאָדט. ס'איז ניט געוועזן איין כתרילעווקער, וואָס זאָל ניט זיין שולדיג רב שעיה'ן קיין געלד. און דערפאַר האָט ביי איהם אין שטוב תמיד געקאָכט, ווי אין אַ קעסעל: דער אריין, דער אַרויס, דאָרט גענומען, דאָ געגעבען.

ס'איז ביי איהם געוועזן, להבדיל, אַ „קאַנטאָר", אַ „באַנק" — אַ באַנק, נאָר אָהן געפּאַרבטע טישען און טישלעך, אָהן מענשען אַ סך מיט ווייסע מאַנישקעס, מיט פערדרעהטע וואָנצים און מיט לאַנגע נעגעל, אָהן פענסטערלעך מיט גראַטעס, אָהן אייזערנע שאַפעס און אָהן מורא'דיגע קאַנטאָביכער און גראָסביכער, וואָס מע קאָן מיט זיי הרג'ענען אַ מענשען.

ביי רב שעיה'ן אין שטוב איז געשטאַנען נאָר איין טישעל, אויפ'ן טישעל איז געשטאַנען אַ „טינטורעל" מיט אַ „זעמדערעל", און איטליכס מאָל, וואָס מע האָט בעדאַרפט פערשרייבען, פלעגט מען מוזען אָנשפּייען אין „טינטורעל", וואָרום אַנדערש האָט דאָס

ניט געוואָלט געבען קיין טינט. און ווייטער איז געווען אין טי־שעל א טישקעסטעל מיט צוויי רינגלעך מיט א גרויסען שלאָס. דאָרט, אין טישקעסטעל, איז געווען דאָס „קאָנטאָבוך“ מיט אלע חשבונות, וואָס רב ישעיה אליין טאַקי האָט זיי געפיהרט על־פי זיין אייגענער בוכהאַלטעריע. היינו, ווי אזוי?

דאָס ביכעל איז בעשטאַנען פון צוויי און פופציג בלעטלעך. אויף יעדען בלעטעל איז געשטאַנען די סדרה פון דער וואָך, צעווירעט אויף צווייען, פון איין זייט ק ב ל ת י *, פון דער אנדערער זייט נ ת ת י ** — און דאָרט איז געווען פערשריבען אזוי:

ק ב ל ת י מר' גרשון פופיק על פי קוויטעל פרשה בראשית ב' רו"כ.
ק ב ל ת י מר' פייוויל שמוים על־פי קוויטעל פרשה פקודי ד' רו"כ.
ק ב ל ת י מר' שמחה לעמייש־קע א' רו"כ.
ל א ק ב ל ת י מר' גרשון פופיק על פרשת נח, לא קבלתי גם על פרשה לך־לך.

נ ת ת י לר' שמחה לעמעשקע על־פי קוויטעל פרשה פקודי י"ג רו"כ.
נ ת ת י עוד לר' גרשון פופיק ז' רו"כ.
ל א נ ת ת י עוד לר' פייוויל שמוים י"ב רו"כ כי ס'איז פארפאלען.
ה ב ט ח ת י *** לר' שמחה ליתן עוד י"א רו"כ.

ווי אזוי איז דאָס רב ישעיה אַרויסגעקראָכען פון די דאָזיגע חשבונות — ווייסט נאָר איין גאָט! פון דעסטוועגען, וועל איך אייך בעטען, האָט קיין יסורים ניט, ס'איז ניט געווען קיין פראָ־טעסטען, קיין פראָצעסען, קיין לאָדעניגשען; איטליכער האָט

* געננומען. — ** געגעבען. — *** צוגעזאָגט.

געוואוסט, אז טאמער הערט ער אויף צו צאהלען, ווערד ער אוים בטוח, — א פארפאלענער אויף אייביג!

און אזוי האט זיך דאס רעדעל געדרעהט, געדרעהט א צייט מיט יאהרען, זיך ניט אפגעשטעלט אויף קיין מינוט, ביז...

ביז רב שעיה איז געשטארבען.

רב שעיה איז געשטארבען, און זיידעל רב שעיה'ס האט איבערגענומען דאס געשעפט.

דורכגעלאזט „שלשים", האט זיך זיידעל קודם כל גענומען צו די חשבונות און איז אפגעזעסען איבער די ביכער א וואך דריי, געזעסען און געשריבען, געשריבען און גערעכענט, און האט געשיקט רופען די בעלי־חובות און רופט זיך אן צו זיי:

— איהר זאלט וויסען זיין, רבותים, אז איך בין געזעסען די גאנצע צייט איבער אייערע חשבונות, גערעכענט און גערעכענט, און האב אויסגערעכענט, אז עס קומט שוין מעהר פון אייך קיין געלט ניט, איהר זענט ריין.

— וואס הייסט, עס קומט פון אונז קיין געלט ניט? וואס הייסט, מיר זענען ריין?

— אזוי, ווארום „על פי אלגעברע" האט איהר באצאהלט פראצענט און פראצענט דפראצענט זיעבעצעהן מאל אזוי פיעל נאך מיט דריי זעכצעהנטעל, וויפיעל איהר זענט שולדיג געווען. נאט אייך אפ אייערע קוויטלעך.

דערהערט אזעלכע דבורים, זענען די כתרילעווקער געווארען אנגעצונדען. זיי האבען גערעכענט, אז דא מוז ליגען עפיס א המצאה'לע, א שמר־שטיק, ניט אנדערש; האבען זיי איהם א שמיץ געטהאן די קוויטלעך צוריק אין פנים אריין און האבען געמאכט א „ויצעקו".

— ער וויל אונז קוילען! קוילען אהן א מעסער! רב שעיה, זאל האבען א ליכטיגען גן עדן, האט מיט אונז געהאנדעלט אזוי פיעל יאהרען; זיין קעשענע איז פאר אונז תמיד

געוועז אָפּען; קומט ער צו געהן איצט און וויל אונז שטעלען אין דער בלאָטע!

— נאַראָנים! — שרייט צו זיי זיידעל. — וואָס פאר נאַראָנים, בהמות איהר זענט! מע זאָגט אייך, אז איהר זענט ריין, נישט פונ'ם קאָפּ זאָגט מען אייך, „על פּי אַלגעברע"!

— וואָס דערצעהלט ער אונז פּזמונות — „אַלבעגרע"! לאָמיר זיך פאַרלאָזען אויף מענטשען, לאָמיר פרעגען אַ רב.

— צום רב! צום רב! — האָבען געשריען אַלע אין איין קול, און מען איז געגאַנגען צום רב, רב יוזיפיל דעם רב.

ביי'ם רב האָט זיך צענויפגעקליבען כמעט די גאַנצע שטאָדט. ס'איז געווען אַ ליאַרם, אַ געשריי עד לב השמים.

זיידעל האָט געלאָזט אַלעמען רעדען — לאָז זיך איטליכער זאָגען וואָס ער וויל; און ערשט נאָכדעם, אז אַלע האָבען זיך גוט אויסגעשריען, האָט ער געבעטען, אז דער עולם זאָל אויף אַ ווייל אַרויסגעהן, ער וויל בלייבען מיט'ן רב אַליין, ער בעדאַרף איהם עפּיס זאָגען אונטער פיער אויגען.

וואָס ס'איז פאָרגעקומען צווישען זיידלען מיט רב יוזיפיל דעם רב — ווייסט קיינער נישט.

מע זאָגט, אַז־זיי האָבען געהאַט צווישען זיך אַ לאַנגען וכוח. זיידעל האָט איהם אויסגעוויזען, אז מע טאָר נישט נעמען קיין פּראָצענט, וואָרום על־פּי חקירה איז פּראָצענט גזילה; אַ מענש, וואָס לעבט פון פּראָצענט, זאָגט ער, איז ערגער פון ערגער. עס קומט אויס, זאָגט ער, אז אַלע דאַרפען האַרגענען. וואו זשע איז יושר?

רב יוזיפיל דער רב האָט זיך אפילו געפּרובט איהם איבערשפּאַרען מיט „תקון מהר"ם ז"ל", מיט'ן „ישוב־העולם", אָהן דעם וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נים האָבען, און אַזוי ווייטער; האָט איהם דערויף זיידעל אָפּגעענטפערט, אז נאָך זיין שכל נאָך קומט אויס, אז דער „קיום" איז גאָר קיין קיום ניט, עס געפעהלט איהם גאָר נישט די גאַנצע וועלט. ווי אַזוי זי פיהרט זיך.

— וואָס איז דאָס פאַר א וועלט, — פרעגט ער ביי רב יוזיפיל דעם רב — אז אויסחאַפּען א בייגעל פאר א גראָשען, בשעת איך בין הונגעריג, הייסט גע'גזל'ט, און אָפּראַבעווען א שטאָדט מיט אלמנות מיט יתומים, צונעמען ביי זיי דעם לעצטען ביסען, הייסט דאָס „געשטעלט זיך"? פאר אָפּהאַקען א פינגער קומט „קאַטערזשנע סיביר", און פאר אויסקוילען אַכציג טויזענד איינגלענדער אין אפריקע, ווי אַכסען, באַקומט מען א גילדענעם „מענדאַל" זאַ חראבראָסט?...

— ס'איז א יושר? — מאַכט ער צו רב יוזיפיל דעם רב און נעמט איהם אָן ביי דער לאַץ פון דער קאַפּאָטע. — ס'איז א יושר? אָט פאָהרט אַרום דער אַלטער ק ר י ג ע ר נעבאַך, דער מלכות פון די בויערען, קלאַפּט אין אַלע טירען, בעט רחמים, מע זאָל רחמנות האָבען אויף זיין אָרעם לאַנד; ער וויל נישט מעהר נאָר א דין־תורה, ער וויל זיך פאַרלאָזען אויף מענטשען, וואָס מענטשען וועלען פּסק'ענען. זאָגט דער: ער וויל זיך ניט מישען, און דער זאָגט: סע פּאַסט איהם ניט פאר יענעם... דער אַזוי, יענער אַזוי, — דערוויי'ל גיסט זיך בלוט. וואו איז יושר, פרעג איך אייך, וואו איז מענטשליכקייט? און איהר זאָגט מיר גאָר „ישוב", „מנהג־העולם", דער „קיום" פון דער וועלט! א שענער קיום! א שענע וועלט!...

און נאָך כדומה אין אַזעלכע ווילדע חקירות איז זיידעל אריין מיט'ן רב, פערקראַכען, ווי מע זאָגט, אין „אלף־הששי", העט־העט אין די ווייטע דרכים אריין, אָנגעהויבען אָפּלייקענען מיינס און דיינס און שותפות'דיגס, אָנגעהויבען אַפּלאַכען, רעדען, ווי מע זאָגט, על ה' ועל משיחו ועל נתקה...

האָט שוין רב יוזיפיל דער רב מעהר נישט געהאַט מיט איהם וואָס צו רעדען זזן האָט שוין ווייטער נישט געוואָלט הערען אפילו, זיך פערשטעלט די אויהערען מיטביידע הענד און גע־שריגען:

— גענוג! גענוג! גענוג!

אז יידעל איז געגאנגען אהיים, האט זיך רב יוזיפיל דער רב אנגערופען צום עולם מיט א זיפץ:

— געבאך א וואוילער יונגערמאן און איין איידעלער יונגער־מאן און א לייטישער יונגערמאן, נאר נ י ש ט פ א ר ק י י ן א י ד ע ן ג ע ד א כ ט...

און בשעת מעשה האט ער בעוויזען מיט'ן פינגער אויפ'ן שטערן, און אלע האבען פערשטאנען, וואס ער מיינט.

# דרייפוס אין כתרילעווקע

איך ווייס ניט, אויב די מעשה פון דרייפוס'ען האט נאך ערגיץ אַנגעמאַכט אזא רעש, ווי אין כתרילעווקע.

אין פאַריז, זאָגט מען, האט דאָס אויך געקאָכט, ווי אין א קעסעל. גאַזעטען האָבען געשריבען, געגעראַלען האבען זיך געשאָסען, און ווייסע־חברה'ניקעס זענען אַרומגעלאָפען איבער די גאַסען, ווי משוגעים, געוואָרפען היטלען און געאַרבייט מעשים. דער האָט געשריגען: „וויוו דרייפוס!" און דער האָט געשריגען: „וויוו עסטערהאַזי!" און אידען האָט מען דערווייל געשמירט, גע־מאַכט מיט ז'ער בלאָטע, ווי געוויינטליך... נאָר אַזוי פיעל עגמת־נפש מיט אַזוי פיעל יסורים און בזיונות, ווי כתרילעווקע האָט דערפון געהאַט — דאָס וועט פאַריז ניט האָבען ביז משיח וועט קומען.

פון וואַנען איז מען אין כתרילעווקע געוואָהר געוואָרען פון דרייפוס'ען — דאָס זאָלט איהר ניט פרעגען. וואָרום למאי ווייסט מען דאָרטען פון דער מלחמה, וואָס די איינגלענדער האָ־בען געפיהרט מיט די בויערען? פון וואַנען ווייסען זיי וואָס אין קיטאַיי טהוט זיך? וואָס פאַר אַ מחותן איז כתרילעווקע מיט קיטאַיי? די גרויסע מסחרים, וואָס זיי פיהרען מיט דער וועלט? טיי בעקומען זיי פון וויסאָצקי'ן פון מאָסקווע, און דאָס געלע זומערשטאָף, וואָס מען רופט דאָס „טשע־שון־טשאַ", טראָגט מען

נישט אין כתרילעווקע. דאָס איז נישט פאַר זייער בייטעל. דאַנ־קען גאָט, אַז מע קאָן טראָגן זומער אַ נאַקידקע חאַטש פון פּאַרוסינע: אַניט, האָט מען אַ ברירה גיין גאָר אַזוי, דאָס הייסט, מחילה, אין תחתונים און פון אויבן אַ ציצענעם אַרבע־כנפות, און מע שוויצט פון דעסטוועגן גאַנץ געשמאַק, אַבי ס'איז נאָר אַ הייסער זומער.

בלייבט דאָך אַלץ די אייגענע קשיא: פון וואַנען האָט פּאַרט כתרילעווקע אָנגעשמעקט די מעשה פון דרייפוס'ן? פון זיידלען.

זיידעל רב שעיה'ס איז דער איינציגער אין שטאָט, וואָס שרייבט־אויס דעם „צפירה“, און אַלע נייעס, וואָס טהוען זיך אָפּ אויף דער וועלט, ווערד מען געוואָהר פון איהם, דאָס הייסט, ניט פון איהם, נאָר דורך איהם. ער לייענט זיי, און זיי פער־טייטשען: ער דערצעהלט, און זיי לערנען דעם פּשט; ער זאָגט וואָס סע שטעהט, און זיי דרינגען אָפּט פערקעהרט, וואָרום זיי פערשטעהען בעסער.

ויהי היום, איז געקומען זיידעל רב שעיה'ס אין בית־המדרש אַריין און דערצעהלט אַ מעשה, אַז אין פּאַריז האָט מען גע'משפּט אַ אידישען קאַפּיטאַן, איינעם אַ דרייפוס, דערפאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן נויטיגע פּאַפּיערען פון דער מלוכה. איז דאָס אין איין אויהער אַריין, פונ'ם אַנדערען אַרויס. איינער האָט זיך אַ זאָג געטהאָן פאַרבייגעהענדיג:

— וואָס טהוט ניט אַ איד צוליעב פּרנסה?

דער אַנדערער האָט געהאַט אַ נקמה:

— אַ מצוה! לאָז אַ אידעלע ניט קריכען אויבענאָן און זיך ניט מישען צווישען קיסרים!

שפּעטער, אַז זיידעל איז געקומען און האָט דערצעהלט אַ ייע מעשה, אַז די גאַנצע געשיכטע איז גאָר געווען אַ בלבול, אַז

דער אידישער קאפיטאן, דער דרייפוס, וואס מע האט איהם פער־שיקט. איז גאט די נשמה שולדיג, ס'איז גאר א גאנצע אינטריגע פון עמליכע גענעראלען, לואס האבען זיך עפיס צעאמפערט — דעמאלט האט זיך שוין דאס שטעדטעל אביסעל פעראינטערע־סירט, און דרייפוס איז געווארען א כתרילעווקער. וואו צוויי איז ער געווען א דריטער.

— געהערט?

— געהערט.

— פארשיקט אויף אייביג.

— „וועטשני פאסעלעניע".

— אומזיסט־אומנישט!

— א בלבול!

נאך שפעטער, אז זיידעל איז געקומען און האט דערצעהלט, אז ס'איז גאר א סברה, אז דער משפט זאל נאך א מאל גע'משפט ווערען, אז עס האבען זיך געפונען גוטע מענשען אזעלכע, וואס נעמען זיך אונטער בעווייזען דער וועלט, אז ס'איז גאר געווען א טעות די גאנצע מעשה, — האט כתרילעווקע אנגעהויבען זיך וויעגען גאר אויף איין אנדער אופן. ערשטענס, איז דאך דרייפוס „אונזערער"; און, צווייטענס, ווי קומט דאס, אז דארטען אין פאריז זאל פארקומען אזא פאסקודנע מעשה? פע, עפיס זעהר ניט שען פאר די „פראנצעהויזענדיגע"!... עס איז אוועקגעגאנ־גען א שפארעניש און א וועטעניש: דער האט געזאגט, אז דער משפט וועט נאך א מאל גע'משפט ווערען, און דער האט געדרונ־גען; אז ניין: אין אחר מעשה בית־דין כלום — אפגעמשפט, איז פערפאלען...

וואס ווייטער־ווייטער האט מען אויפגעהערט צו ווארטען ביז זיידעל וועט זיך אמאל אויסקראצען צו קומען אין בית־המדרש אריין דערצעהלען נייעס פונ'ם קאפיטאן דרייפוס: מע האט אנגעהויבען געהן צו איהם אהיים. מע האט נישט געהאט מעהר קיין געדולד געהן צו איהם אהיים, און מע האט אנגעהויבען געהן

מיט איהם גלייך אויף דער פּאָסט אָפּנעמען דאָס בלאַט, און דאָרטען טאַקי דאָס איבערלייענען, און דאָרטען טאַקי איבערקייען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, שרייען, פּילדערען, שפּאַרען זיך און רעדען אַלע אינאיינעם, ווי געוויינטליך. ניט איין מאָל האָט זיי דער אָדון דער פּאָסטמייסטער געגעבען אָנצוהערעניש, זעהר איידעל אפילו, אַז אַ פּאָסט איז ניט קיין שוהל, להבדיל:

— טוט נע זשידיוווסקאַ שקאָלאַ, זשידי פּאַרחאַטיע, טוט נע קאַהאַל שאַבערמאַבערי!...

זיי האָבען איהם אָבער געהערט, ווי המן דעם גרייגער; ער האָט זיי געזידעלט, און זיי האָבען געלייענט דעם „צפירה“ און גערעדט פון דרייפוס’ען.

און נישט נאָר פון דרייפוס’ען אַליין האָט מען גערעדט אין כתרילעווקע. עס איז צוגעקומען אַלע מאָל אַ פּרייש־ר פּאַרשוין: פּריהער „עסטערהאַזי“, נאָכדעם „פּיקערט“, נאָכדעם גענעראַל „מערסי“, „פּעלי“, „גאָנזי“, און דערביי איז געזאָגט געוואָרען אַ המצאה, אַז ביי די „פּראַנצעהויזענדיגע“, וויבאַלד אַ נאָמען פון אַ גענעראַל, אַזוי מוז זיך אויסלאָזען מיט אַ „י“. האָט איינער געפּרעגט אַ וויעדעראַנאַנד:

— נו, און מיט בודפּערען וואָס ועסט דו טהון?

— הערסט דו? האָט ער טאַקי געהאָט אַ מפּלה.

— כן יאבדו!

צוויי פּאַרשוינען זענען געוועזן אין כתרילעווקע, וואָס די גאַנצע שטאָדט האָט זיי ליעב געקריגען, אויסגעגאַנגען נאָך זייערע טריט. דאָס זענען געוועזן „עמיל זאָל“ און „לאַמבאָרי“. פאַר „עמיל זאָלען“ וואָלט זיך יעדער איינציגער מפּקיר געוועזן. אַ ווערטעלע געוואָרען — „עמיל זאָל“! אַז עמיל זאָל וואָלט קומען, למשל, קיין כתרילעווקע, וואָלט די גאַנצע שטאָדט איהם אַרויסגעקומען אַקעגען מיט אַ ברוך־הבא, אויף די הענד וואָלט מען איהם גע־טראָגען.

— וואָס זאָגט איהר אויף זיינע בריוולעך?

— פערעל! דימענטען! בארליאנטען!

אויך פון „לאמבארי'ן" האט מען געהאלטען איין עולם ומלואו. דער עולם האט געקוועקט, נתפעל געווארען און געלעקט די פינגער פון זיינע דרשות. חאטש הארכען האט איהם אין כתרילעווקע קיינער נישט געהארכט, נאר מע האט פערשטאנען מיט'ן שכל, אז ער בעדארף קאיען רעד'ן.

איך וויים נישט, אויב דרייפוס'עס משפחה אין פאריז האבען אזוי ארויסגעקוקט אויף דרייפוס'ען, ער זאל קומען פונ'ם שענעם אינזעל, ווי עס האבען ארויסגעקוקט דערויף די כתרילעווקער אידען. מע קאן זאגען, אז זיי זענען געפאהרען גלייך מיט דרייפוס'ען אזש פון דארטען אויפ'ן ים, ממש געפיהלט, ווי זיי שווימען: אט־אט הויבט זיך אויף א שטורמווינד און צעשמייסט דעם ים אויף אלע זייטען, די חוואליעס פלעסקען און ווארפען דאס שיף, ווי א שפענדעל, אויף און אראפ, ארויף און אראפ.

— רבונו של עולם! — האבען זיי מתפלל געווען ביי זיך אין הארצען. — זאלסט איהם חאטש ברענגען בשלום אהין, וואו דער משפט בעדארף זיין! זאלסט חאטש עפענען די אויגען פון די ריכטער און קלאר מאכען זייערע מוחות, זיי זאלען געפינען דעם שולדיגען, און די גאנצע וועלט זאל ארויסזעהן אונזער גערעכטיגקייט, אמן סלה!...

דעם טאג, וואס ס'איז אנגעקומען די גוטע בשורה, אז דרייפוס איז שוין דא, איז אין כתרילעווקע געווען א יום־טוב. זיי זאלען זיך ניט שעמען, וואלטען זיי פערשלאסען די קלייטען.

— געהערט?

— א דאנק השם יתברך!

— כ'וואלט א בעלן געווען זעהען, ווי אזוי איז געווען דאס ערשטע באגעגעניש מיט'ן ווייב?

— און איך וואָלט אַ בעלן געווען אָנקוקען בשעת מעשה די קינדערלעך, אַז מע האָט זיי געזאָגט: דער טאַטע איז געקומען.

ווייבער, וואָס זענען בעת מעשה געזעסען, האָבען בעהאַלטען די פּנים׳ער אין די פאַרטיכער, כלומר׳שט געשנייצט די נעזער, מע זאָל נישט זעהן, אַז זיי וויינען. ווי כתרילעווקע איז איי אַרעם שטעדטעל, וואָלט יעדער אָפּגעריסען דאָס לעצטע פון׳ם לעצטען און וואָלט זיך דורכגעפאָהרען אַהין, אַ קוק טהון חאָטש פון דערווייטען.

אַז דער משפט האָט זיך אָנגעהויבען, איז געוואָרען אַ קאַכעניש, גאָט זאָל שומר ומציל זיין. נישט נאָר דאָס בלאָט—זיידלען האָט מען צעריסען אויף שטיקלעך. מע האָט זיך געוואַרגען מיט׳ן עסען, מען איז ניט געשלאָפען קיין נעכט. מע וואָלט שוין געהערען דערלעבען מאָרגען, מאָרגען — איבער־מאָרגען, און אַזוי אַלע טאָג.

מיט אַ מאָל איז געוואָרען אַ מהומה אין שטאָדט. אַ טומעל, אַ געשריי, אַ געפּילדער, — חושך! חושך! דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען מע האָט געשאָסען אויף אַדוואָקאַט לאַבאָרי. די כתרילעווקער האָבען איינגעלעגט די וועלט.

— פאַך וואָס? פאַר ווען? אַזאַ רציחה! אומזיסט־אומנישט! ערגער ווי אין סדום!

דער דאָזיגער שאָס האָט זיי דעם קאָפּ אַראָפּגענומען. די דאָזיגע קויל האָט זיי געטראָפען גלייך אין האַרצען אַריין. גלייך ווי ער האָט געשאָסען אויף כתרילעווקע.

— רבונו של עולם! — האָבען זיי מתפלל געווען ביי זיך אין האַרצען. — בעוויז דיינע וואונדער, דו קאָנסט דאָך, אַז דו ווילסט, טהו אַ נס, לאָמבאָרי זאָל חאָטש בלייבען לעבען.

און גאָט ברוך־הוא האָט אַ נס געטהאָן, ער איז געבליבען לעבען.

*

אז ס'איז געקומען צום לעצטען טאג פונ'ם משפט, האט דאס מיט די כתרילעווקער געוואָרפען ווי א קדחת. זיי וואלטען א בעלן געווען אנשלאפען ווערען אויף א גאנץ מעת־לעת און אויפ־חאפען זיך דעמאלט, ווען דרייפוס וועט, אם ירצה השם, שוין זיין פריי. נאר, ווי אויף צו־להכעים, האט זיך ביי קיינעם דאס אויג נישט געקאנט צומאכען. מע האט זיך יענע נאכט געקאט־שעט פון איין זייט אויף דער אנדערער, מלחמה געהאלטען מיט די וואנצען און ארויסגעקוקט, עס זאל שוין ווערען טאג.

אז ס'איז געווארען טאג, איז מען אוועק אויף דער פאסט. די פאסט איז געווען פערשלאסען און דער טויער אויך. ביס־לעכווייז האט זיך דער עולם אנגעהויבען צענויפקלויבען ארום דער פאסט, און ס'איז געווארען פערפלייצט די גאס. אידען זענען ארומגעגאנגען הין און צוריק, געגעהנעצט, געצויגען זיך, געדרעהט די פאה און געזונגען שטילערהייד פון הלל.

אז יארעמע דער סטאראזש האט געעפענט דאס טויער, האבען אידען א לאז געטהאן זיך אלע מיט א מאל. איז יארעמע געווארען אנגעצונדען, בעוויזען, אז דא איז ע ר בעל־הבית, און האט זיך צעלאזט אויף זיי און, מחילה, זיי ארויסגעטריבען מיט בזיונות פון דער פאסט אין דרויסען ארויס, און דארטען האבען זיי געווארט אויף זיידלען, אזוי לאנג, ביז זיי האבען זיך פארט דערווארט. און אז זיידעל האט אפגענומען דאס בלאט און האט זיי איבערגעלייענט דעם שענעם פסק פון דרייפוס'ען, איז געווארען א געשריי, א ליארם — הימעל עפען זיך! דער געשריי איז געווען ניט אויף די ריכטער, וואס האבען שלעכט גע'פסק'עט, נישט אויף די גענעראלען, וואס האבען געשווארען פאלש, נישט אויף די „פראנצעהויזענדיגע". וואס ד רען זיך אזוי ניט שען אויסגעפיינט, — נייןן! דער געשריי איז געווען אויף זיידלען.

— סע קאָן ניט זיין ! — האָט כתרילעווקע געשריגען אין איין קול. — סע קאָן ניט זיין אין דער וועלט אַזאַ משפט ! הימעל און ערד האָבען געשוואָרען, אַז דער אמת מוז אַרויף, ווי בוימעהל אויף'ן וואַסער. וואָס ווערסט דו אונז דערצעהלען מעשיות?

— בהמות ! — שרייט נעבאך זיידעל מיט אַלע כוחות און שטופּט זיי דאָס בלאַט גלייך אין פּנים אריין. — נאַט זעהט וואָס סע שטעהט אין בלאַט !

— בלאַט־שמאַט ! — שרייט כתרילעווקע. — און אַז דו ווערסט זיך שטעלען אַט דאָ מיט איין פוס אויפ'ן הימעל און מיט דער אַנדערער אויף דער ערד — וועלען מיר דיר גלויבען ? ס'איז אַ זאַך, וואָס עס קאָן ניט זיין ! עס קאָן ניט זיין ! עס קאָן ניט זיין ! עס קאָן ניט זיין !

א סימן — ווער איז געווען גערעכט ?...

# קיין עין־הרע ניט

(מאָנאָלאָג).

— ווי איהר זעהט מיך אַטאָ — מאַכט צו אונז אַ כתריי־לעווקער בעל־עגלה, וואָס האָט זיך אויסגעדרעהט צו אונז אין דער בויד אריין, און די פערדלעך מיט'ן וואָגען האָט ער געלאָזט אויף גאַטס'ם בעראַטה — ווי איהר זעהט מיך אַטאָ, בין איך מיר אַ איך מיט קיין עין־הרע צוויי פערדלעך אייגענע; יענער, דער בולאַנער, איז ביי מיר שוין קיין עין־הרע דאָס אַכטע יאָהר, ווי איהר קוקט איהם אָן, אַ שווערפּיסיגער, נישט אזא לויפער, נאָר אַ „נעמער" קיין עין הרע אַ גוטער, און דער קאַשטאַנעוואַטער איז אויך קיין עין־הרע אַ יאָדעריג פערדעל. מיט אזעלכע צוויי פערדלעך, אז גאָט שיקט צו גוטע פאַרשוינדלעך, און אַ סך, קאָן מען האָבען פּרנסה קיין עין־הרע מיט'ן פולען מויל, און פּרנסה — דאָס מוז מען, ווארום אין דער היים איז פאַרהאַן אַ ווייב מיט קיין עין־הרע זעכס פּיקערס; זי קינדעלט קיין עין־הרע אַלע יאָהר, אסתר הייסט זי, און דערפאַר האָט זי טאַקי אַ פּנים פון אַ רוח. געוועזן אזא שענע קיין עין־הרע, אזא־נ־איידעלע, אַ צורה־מלוכה, בשעת איך האָב חתונה געהאַט פאַר איהר; כ'בין נאָך דעמאָלט געוועזן אַ שמייסער ביי יענעם, אַ בחור קיין עין־הרע איין אייזען. וואָס מיר ווינטער? ווער מיר זומער? וואָס מיר שניי? ווער מיר בלאָטע? איבערגעקעהרט זיך דער וואָגען?

אליין גענומען אויף די פּלייצעס און אליין קיין עין־הרע אויפגעהויבען איהם פון דער בלאטע, אפילו זיך ניט פארקרימט. אט אזא מין פארשוין בין איך געווען. און זי, אסתר הייסט דאס, איז געווען א יתומה, און דוקא א בעל־הבת׳יש קינד, א מלמד׳ס א טאכטער, נאר מחמת זי איז געווען ניט איינע, קיין עין־הרע אכט שטיק זענען זיי געווען, און די מוטער איז איין ארעמע אלמנה, האט זי נעבאך זעהר געוואלט חתונה מאכען די טאכטער. האט מען איהר גערעדט שדוכים קיין עין־הרע די שענסטע, די פיינסטע שדוכים. נאר איין חסרון — קיין געלט איז ניט געווען. און מיר זענען געזעסען אונטער איין דאך, זענען מיר געזעסען, רוף איך זיך אן צו איהר איינמאל, צו אסתר׳ען הייסט דאס, יום־טוב איז דאס געווען, אלע זענען געווען אין שוהל: „אסתר, זאג איך, דו ווערסט מיך נעמען?“ שווייגט זי. זאג איך צו איהר נאך א מאל: „אסתר, זאג איך, קוק ניט, זאג איך, וואס איך בין א שמייסער, זאג איך, ביי יענעם, איך האב צענויפגעשלאגען, זאג איך, מיין אייגענם קיין עין־הרע א קערבעל עטליכע און דרייסיג; האב איך נאר חתונה, זאג איך, אזוי קויף איך מיר באלד א פערדעל און ווער אליין, אם ירצה־השם, א בעל־עגלה, זאג איך, און א יונגעל, זאג איך, בין איך קיין עין־הרע א הארעפּאשנער, הארעווען קאן איך, עס וועט דיר, זאג איך, זיין ביי מיר קיין עין־הרע האט ווי די וועלט, פונ׳ם שענסטען און פונ׳ם בעסטען!“ שווייגט זי.

קיצור, מיר האבען חתונה געהאט. אז מיר האבען חתונה געהאט, האט זי באלד אנגעהויבען קינדלען, קיין עין־הרע אלע יאהר, אלע יאהר א קינד; און אז זי האט אנגעהויבען צו קינדלען, האט זי אנגעהויבען קרענקען, און אז זי האט אנגעהויבען צו קרענקען, האט זי געקרענקט און געקרענקט, אוועקגעקרענקט א צייט! זאג איך צו איהר: „אסתר, וואס וועט זיין, זאג איך, דער תכלית, וואס דו קרענקסט?“ לאכט זי. „אסתר, זאג איך, דו לאכסט און מיר טריפט זיך בלוט, קוקענדיג אויף דיר; טא־

מער, זאָג איך, וואָלטען מיר זיך דורכגעגאנגען צום דאָקטאָר? אפשר, זאָג איך, וועט ער געפינען עפּים א סגולה?"...: האָבען מיר זיך אָנגעהויבען צו קלויבען צור דאָקטאָר, האָבען מיר זיך געקלויבען און געקלויבען, וואָרום ווען האָב איך צייט, משטיינס געזאָגט, אז די גאַנצע וואָך איז מען קיין עין־הרע אין דער ארבייט? סיידען שבת?

קיצור, מיר האָבען זיך ארויסגעריסען איינמאָל אין א שבת צום דאָקטאָר. געקומען צום דאָקטאָר, פרעג איך דעם דאָקטאָר: „וואָס טהוט מען, זאָג איך, פּאני מארשאַלקי, וואָס זי קרענקט?" נעמט ער און באטראַכט זי און הערט זי אוים און רופט זיך אָן צו מיר: „דיין ווייב איז ניט געזונט". זאָג איך צו איהם: „פּאַני קאנסוליאַרזשע, גוט וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, אניט, וואָלט איך ניט געוואוסט!" מאַכט ער צו מיר: „נישט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען; איך האָב דיר געוואָלט זאָגען, זאָגט ער, אז דו באַדאַרפסט זי אָפּהיטען, היטען ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון'ם אויג; זי טאָר, זאָגט ער, ניט האָבען קיין קינדער מעהר, וואָרום טאָמער האָט זי נאָך א צוויי קינדער, זאָגט ער, וועט זי קלאַפּירען". „קלאַפּירען? — זאָג איך. — בייסט איך אָפּ די צונג, פּאַני! זי איז ביי מיר, זאָג איך, איינע, זי איז ביי מיר טייערער פון זיך אליין, און פון מיינע צוויי פערדלעך אפילו, און איהר רעדט גאָר פון קלאַפּירען, זאָג איך. וואָס טויג מיר, זאָג איך, אייערע עצות? איהר גיט איהר עפּים א רפואה, זאָג איך, א סגולה, זי זאָל אויפהערען, זאָג איך, קרענקען!"... אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ער האָט איהר פאַרשריבען א רפואה, פּראַש־קעס אזעלכע, און מיר געהען אַהיים. געקומען אַהיים, זאָג איך צו איהר: „אסתר, האָסט געהאָרכט וואָס דער קלוגער דאָקטאָר האָט געזאָגט?"... לאַכט זי.

קיצור, עס געהט אוועק נאָך א יאָהר און נאָך א יאָהר, און וואָס ווייטער ווערד זי ערגער און ערגער, און די קינדער, איהר זאָלט זעהען, דוקא קיין עין־הרע איבערגעוואַשענע קינדער, איינס

און איינס. דאָס עלטערע יונגעל שוין אַלט קיין עין־הרע דאָס דרייצעהנטע יאָהר, געגעבען איהם אין חדר, געוואָלט מאַכען פאַר א למדן — ווער, וואָס? אז דער קאָפּ איז איהם גאָר ביי די פערדלעך! און אַזוי איז דער אַנדערער, און אזוי איז דער דריטער. איך קום צו פאָהרען אַהיים און שפּאַן אויס די פערדלעך — אהאָ! מיין חברה קיין עין־הרע איז דאָ: איינער אויפ'ן וואָגען, דער אַנדערער אונטער'ן וואָגען, איינער אויף איין פערדעל, דער אַנדערער אויפ'ן אַנדערען פערדעל, און דער קלענערער זיצט גאָר רייטענדיג אויפ'ן דישעל. „וויסע־חברה'ניקעס, זאָג איך, ניט גע־דאַכט זאָלט איהר ווערען! נעחיי וואָלט איהר בעסער חשק געהאַט צום סדור!“... עס פאַרדריסט מיך, סטייטש, סע קאָסט מיך בלוט, איך צאָהל שכר־למוד, ווער פאַרשוואַרצט א גאַנצע וואָך, פאָהר־ארום היין און צוריק מיט'ן ביידעל, פאַרדיען טאַקי קיין עין־הרע דאָס שטיקעל ברויט, אָבער טאַקי נישט מעהר ווי דאָס שטיקעל ברויט, מחמת די גרעסטע העלפט געהט אַוועק אויף זיי, להבדיל, אויף די פערדלעך הייסט דאָס, זיי דאַרפען קיין עין־הרע היי און האָהער אַלע טאָג, דעם וואָגען שמירען דאַרף מען אויך, און א שטוב קיין עין־הרע אויסהאַלטען איז נישט קיין ווערטעלע, און אַליין איז מען אויך א מענטש, אונטערוועגענס קיין עין־הרע אַליין א בעל־עגלה, שוין נישט קיין שמייסער ביי יענעם, אַמאָל אַביסעל בראַנפען, אמאָל פאַרבייסען, די נשמה אויסשפּייען קאָן מען ניט, און אין מיטען דרינען, טראַך, פאַלט גאָר א פערד, איז איין עק, אוים גדולה!

א שטיקעל גליק, הערט איהר, פאַר נאַשבראַט, וואָס גאָט האָט געשענקט אונז דאָס שטיקעל שבת — א מתנה פון זיין ליעבען נאָמען. קומט שבת, וועט איהר מיך ניט דערקענען. קיין עין־הרע גאָר איין אַנדער מענטש! אז איך קום פאַרפאַריה פרייטאָג אַהיים, איז ראשית חכמה פון אַלע ראשית חכמות — אין מרחץ אריין. דאַרטען פאַרע איך מיך קיין עין־הרע אוים אויף אַלע זייטען, ווערד יוויף מיר א נייע פעל. איך קום אַהיים

א פרישער, א צאפּעלדיגער, טרעף איך אויפ'ן טיש די שענע צוויי אויסגעריבענע מעשענע לייכטער מיט קיין עין־הרע צוויי גרויסע קוילעטשען, און די קלוגע פיש קיין עין־הרע לאזען זיך הערען שוין פונ'ם אויפ'ן־אויוועו איבער דער גאנצער שטוב, און אין שטוב איז ווארעם קיין עין־הרע, ריין און ציכטיג אין אלע ווינקעלעך. חאטש שפּיגעל זיך, דער טשאלענט איז פאררוקט, דער פּריפּעטשיק אפגעשמירט, די קאץ ווארעמט זיך, און איך להבדיל בין מעביר די סדרה קיין עין־הרע צוויי מאל; נאכדעם געה איך מיר אין שוהל אריין דאווענען און קום אהיים מיט'ן ברייטען גוט שבת, זאג אפּ די שלום־עליכם'ס, מאך קיין עין־הרע דעם פיינעם קידוש איבער קיין עין־הרע א גוט בי־סעל בראנפען, עס־אפּ קיין עין־הרע די גוטע וועטשערע, די אמת'ע פיש, די ריינע יוך מיט'ן צימעסדיגען צימעס, און לעג מיך רוהען. שלאף איך אפּ קיין עין־הרע די נאכט ווי א מלך; און אין דערפריה געה איך מיר אין שוהל אריין, קיין עין־הרע ווי א גראף, און אין דערהיים ווארטען שוין אויף מיר קיין עין־הרע אלע שבת'דיגע מאכלים: דער בעל־הבתישער רעטאך מיט די כשר'ע ציבעלים, די געהאקטע אייער מיט'ן שענעם לעבער, די פיינע פּעטשא מיט'ן לייטישען קנאבעל, די הייסע יויך מיט'ן פעטען קוגעל, וואס רינט פון איהם קיין עין־הרע די שמאלץ ווי פון א ווארעטשיק. אודאי קאן מען נאך אזא מין סעודה קיין עין־הרע גוט שלאפען. און אז מע שלאפט זיך אויס נאך אזא ווארעמעס, וויל מען דאך קיין עין־הרע א טרונק. און אז סע ברענט אויפ'ן הארצען, זאגט איהר, איז עפעלקוואס נישט קיין שלעכט ביסעל משקה, און בארלעך־צימעס נישט קיין שלעכט מאכל. און אז מע טרינקט אויס א קווארט עפּעלקוואס קיין עין־הרע און מע פארבייסט מיט בארלעך־צימעס, נעמט מען זיך צום תהלים און מע רייבט קיין עין־הרע געשמאק איין קאפּיטעל נאכ'ן אנדערען; זיי פליהען קיין עין־הרע, די קאפּיטלעך, ווי די ווערסטען אויפ'ן גרויסען טראקט, איינס נאך דאס אנדערע, איינס נאך דאס אנדערע, אהן א פּאפּאס, ווארום

ווי איהר זעהט מיך, חאטש א בעל־עגלה, געהט ביי מיר קיין עיך־הרע דער תהלים, ווי א מזמור, הלואי וואלטען אזוי מיינע ממזרים געקאנט איבער הונדערט און צוואנציג יאהר נאך טאטע־מאמע, א רוח אין זייער פאטער און מוטער אריין — — — טפררררו, איינגעזונקען זאלט איהר ווערען!...

אזוי האט אויסגעלאזט פלוצים דער כתרילעווקער בעל־עגלה צו זיינע פערדלעך, דעם „בולאנעם" מיט'ן „קאשטאנעוואטען" וואס האבען א נעם געגעבען דעם וואגען בארג־אראפ און געגעבען א טראג־אוועק איהם פייל אזיס'ן בויגען. און איידער מיר קוקעי זיך ארום, ליגען מיר אלע מיט'ן וואגען אונטער'ן בארג אין דער בלאטע. די פארשוינען, וואס זענען געזעסען „פאריטש", אקעגען אונז, ליגען, מחילה, פון אונטען; און מיר, בוידפארשוינען — פון אויבען, אויף זיי. און דער „בולאנער" מיט'ן „קאשטאנע וואטען", פערוואָרפען די קעפ ארונטער, בארבלען זיך מיט די פיס הארחלען, ווילען נעבאך ארויסקראטשקען זיך — און קאנע נישט.

— פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, הערט איהר, — אזוי מאכט צו אונז דער כתרילעווקער בעל־עגלה, א פערשעמטער, נאכדעם ווי ער האט אויפגעהויבען די פערד מיט'ן וואגען מיט אלע פארשוינען — פון זינט איך בין א בעל־עגלה, קיין עין־הרע שוין עטליכע און צוואנציג יאהר, טרעפט זיך מיר, איך זאל דא ליגען בארג־אראפ מיט'ן וואגען וויפיעל מאל, מיינט איהר? — סך־הכל ד א ס ד ר י ט ע מ א ל, קיין עין־הרע ניט!...

# איהם מעג מען מקנא זיין

זינט כתרילעווקע איז א שטאָדט געדענקט דאָרט קיינער ניט אזא לויה, ווי עס האָט געהאַט רב מלך דער חזן.

רב מלך דער חזן איז געווען א איד איין ארעמאַז, איין עני ואביון, גלייך מיט אַלע כתרילעווקער בעלי־בתים, און האָט פערדיענט אזא לויה נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געשטאָרבען יום־כפור צו נעילה.

אזוי שטאַרבט א צדיק, א גרויסער צדיק.

די זון האָט שוין געהאַלטען ביי אונטערגעהן, זיך געזעגענט מיט כתרילעווקע און אריינגעקוקט דורך די פענסטער פוּנ׳ם אַלטען בית־המדרש און בעלייכט די טוידטע אויסגעמוטשעטע פנימ׳ער, די געלע טליתים מיט די ווייסע קיטלען פון די בעלי־בתים, וואָס האָבען אויסגעזעהען ווי לעבעדיגע מתים.

דאָס, וואָס ווערד אָנגערופען הונגער, האָבען שוין די דאָזיגע לעבעדיגע מתים לאַנג אויפגעהערט צו פיהלען. זיי האָבען נאָר געפיהלט, אז עס לאָזען זיך אויס די כחות, אז עס געהט זיי אויס דאָס חיות. זיי זיַנען געזעסען איבער די מחזורים, געשאָקעלט זיך, געקוויקט זיך װער מיט „חליש־טראָפּענס" און ווער מיט א שמעק טאַבעקע, און געזונגען, אונטערגעהאָלפען רב מלך דעם חזן.

רב מלך דער חזן, א שענער איד מיט א לאַנגער באָרד, מיט א ברייטען קאָלנער, איז פון גאַנץ פריה אַן געשטאַנען פאר׳ן

עמוד אויף די פּיס; ער איז געשטאַנען פאַר'ן רבונו־של־עולם מיט אויפגעהויבענע הענד, געדאַווענט געטריי, געשמאַק, געוויינט און געבעטען ביי איהם רחמים פאַר די בעלי־בתים, וואָס האָבען איהם געשיקט פאַר א שתדלן, א חאַראַטאַיי, מע זאָל זיי מוחל זיין זייערע גרויסע זינד און מע זאָל זיי אָנ'חתמ'ענען א גוט קוויטעל, אָנצייכענען זיי אַ גוט יאָהר.

אויף אַזאַ אַדוואָקאַט, ווי רב מלך, האָבען זיך די בעלי־בתים פון דעם אַלטען בית־המדרש, נישקשה, געקאָנט פערלאָזען.

ערשטענס, די געמבע; אַלטע בעלי־בתים דערצעהלען, אַז אין דער יוגענד האָט ער, זאָגט מען, געהאַט א שאַרפע שטימע, א „שאגת ארי"; האָט ער געעפענט א מויל, האָבען געציטערט די ווענד פונ'ם בית־המדרש און עס האָבען געקלונגען די פענסטער.

היינט איז ער געווען א גרויסער בעל־בכי, פלעגט וויינען, גיסען, ווי אַ בערעזענע, און אויף איהם קוקענדיג — דער גאַנצער עולם.

אויף דער עלטער איז ביי איהם די שטימע געוואָרען אַביסעל צוגעלעגערט און ס'איז איהם פערבליבען נאָר דאָס וויינען — נאָר אַזאַ וויינען, וואָס קאָן נעמען א וואַנד, אויפוועקען א טוידטען.

רב מלך הויבט אויף ביידע הענד און טענה'ט זיך אויס מיט רבונו־של־עולם מיט'ן געוויסען וויינענדיגען ניגון פון נעילה:

— אוי־וועה, טאַטע! אוי־וועה, פאָטער! אוי־וועה, אוי־וועה!...

און איטליכער בשעת־מעשה האָט חרטה אויף זיינע גרויסע זינד, בעט ביי גאָט, ער זאָל אָפּמעקען, מוחל זיין, פערגעסען, און שענקען זיי א גוט יאָהר פאַר זיי און פאַר זייערע נאַקעטע, באָר־וויסע הונגעריגע קינדערלעך.

און דערמאָנען זיי זיך אָן זייערע הונגעריגע, נאַקעטע און באָרוויסע קינדערלעך, די אומשולדיגע נפשות נעבאַך, ווערד זיי דאָס האַרץ צעגאַנגען אַזוי ווי וואַכס, און זיי זענען גרייט צו פאַסטען

נאָך דריי טעג מיט נאָך דריי נעכט, אַבי אויסבעטען בײַ דעם וואָס לעבט אײביג א גוט יאָהר...

און רב מלך דער חזן, אביסעל אָפּגערוהט זיך און איבערגע־חאַפּט דעם אָטעם, יזהוט ער זיך א קאַטשע אויפ'ן האַלז, א ציקעל אויפ'ן אַלטען שטייגער:

— אַטונעם־נעם־נעם־דע־ע־עי! אַטונעם־נעם־נעם־דע־ע־עי! ע־ע־עי!... — און לאָזט אוים ווײַדער מיט א געבעט און מיט א געוויין:

— אוי־וועה! אוי־וועה! אוי־וועה!... אוי־וועה!...

און פּלוצים ווערד מיט א מאָל שטיל, און עס הערט זיך עפּיס א פאַל און א קלאַפּ און א שטופּעריי און א שושקעריי:

— ששש... שא... שא! ממ... ממ...! אי־אָ־נו! שמש! שמש!...

לויפט צו חיים דער שמש און חאַפּט־אונטער רב מלך דעם חזן אונטער די הענד, און רב מלך דער חזן פערוואַרפט דעם קאָפּ אַרונטער, די אויגען האַלב־אָפען, דאָס פּנים ווייס ווי קאַלך, די ליפּען טוידט, און עפּיס א שמייכעלע, א ביטער שמייכעלע שפּיעלט אויף זיי.

דער עולם טהוט זיך א וואָרף. מע טראָגט איהם אונטער חלש־טראָפּען צו דער נאָז, מע שפּריצט איהם אָפּ מיט וואַסער, מע קוועטשט איהם בײַ די שלייפען — בלאָטע! רב מלך דער חזן איז טוידט. רב מלך דער חזן איז געשטאָרבען . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

א וואָלף אז עס חאַפּט זיך אַריין אין דער טשערעדע און פערצוקט א שעפּעלע, ווערד צווישען די איבעריגע שאָף א טומעל, א מהומה אויף א ווײַלע; נאָכדעם שלאָגט מען זיך צענויף אַלע אײנ־איינעם און מע הויבט אָן ציטערען מיט אַלע גליעדער.

אזוי איז געווען אינ׳ם אלטען בית־המדרש, בשעת רב מלך דער חזן איז געשטארבען.

עס איז געווארען אויף א ווײלע א טומעל, א גערודער; פון דער ווײבערשער שוהל האט זיך געלאזט הערען א מאדנער קוויטש — דאס האט צביה די חזנ׳טע גע׳חלש׳ט, און אויף איהר קוקענדיג זענען געפאלען חלשות נאך עטליכע ווײבער.

האט רב יוזיפיל דער רב א וואונק געטהאן צו די גבאים, און די גבאים האבען א פאטש געטהאן אין די סטענדערס, ס׳זאל זײן שטיל. און חיים דער שמש (ער איז טאקי געווען בעל־שחרית) איז צוגעגאנגען צום עמוד און האט זיך געשטעלט דאווענען ווײטער, און דער גאנצער עולם האט געדאווענט ווײטער, ביז רב ניסיל בעל־תוקע האט געגעבען דעם לעצטען בלאז.

נאכדעם האט מען געמאכט א ברכו, זיך געשטעלט דאווענען דעם וואכענדיגען מעריב, און אז מע האט אפגעדאווענט דעם וואכענדיגען מעריב, איז מען געגאנגען ארוים מחדש זײן די לבנה, און אז מע האט מחדש געווען די לבנה, איז מען ערשט דעמאלט געגאנגען אהיים זיך אפפאסטען, ווער מיט א פערטעל עוף פון די כפרות און מיט א גלעזעל ווארעמס, און ווער מיט א שטיקעל ברויט מיט הערינג און מיט גלאז א טרונק וואסער.

אין א שעה ארום נאכ׳ן אפפאסטען זיך איז דער גאנצער שוהל־הויף שוין געווען פערפלײצט מיט מענשען. ס׳איז ניט געווען קײן שפילקע דורכצוווארפען.

אידען און ווײבער, יונגלעך און מײדלעך, קינדער פון די וויעגעלעך — אלע זענען זיך צענויפגעקומען אויף דער לויה.

בעלי־בתים האבען זיך אליין מתעסק געווען אין דער מצוה נישט צוגעלאזט די שמשים. א קלײניגקײט — אזא מת!

די נאכט איז געווען א ליכטיגע און א ווארעמע. די לבנה האט אראפגעשיינט אויף כתרילעווקע און האט אנגעקוועלט פון די ארעמע לייט, וואס זענען געקומען אפגעבען כבוד רב מלך דעם חזן פאר זיין אוועקגעהן אהין אין זיין ווייטען וועג אריין. און אז מע האט זיך אפגעשטעלט מיט דער מטה קעגען אלטען בית־המדרש, האט זיך רב יוזיפיל דער רב אוועקגעשטעלט מאכען א הספד, און דער גאנצער עולם האט געוויינט.

רב יוזיפיל דער רב האט אויסגעוויזען מיט פסוקים און מיט מדרשים א סך, אז רב מלך דעם חזנ'ס טודט איז נישט קיין געוויינטליכער טוידט פון א געוויינטליכען מענשען, אז אזוי שטארבען שטארבט נאר א צדיק, און א גרויסער צדיק, אז אזא צדיק געהט פון דאנען גלייך אין גן־עדן אריין, אזא צדיק בעדארף איטליכער מקנא זיין, און איטליכער בעדארף זיך ווינשען אזא טוידט, ווארום נישט איטליכער איז זוכה צו שטארבען יום־כפור צו נעילה ביי'ם עמוד, ווען גאט האט מוחל געווען אלע זינד. — און אזא צדיק, אז ער פאהרט־אפ פון שטאדט, בעדארף די גאנצע שטאדט איהם געהן בעגלייטען, און אזא צדיק, אז ער שטארבט־אפ אין שטאדט, בעדארף די גאנצע שטאדט וויינען און קלאגען.

— וויינט זשע, אידען, און קלאגט אויף דעם צדיק, וואס מיר האבען פארלארען, און בעט איהם, ער זאל דארט זיין א מליץ־יושר פאר'ן כסא־הכבוד צום נייעם יאהר, טאמער וועט ער טאקי אויסבעטען פאר אונז אלעמען א גוט־יאהר, — שוין צייט גאט זאל רחמנות האבען אויף כתרילעווקע און אויף איהרע אידען!...

דער גאנצער עולם האט געוויינט, געגאסען מיט טרערען און געגלויבט, אז זיי האבען אוועקגעשיקט פאר זיך א גוטען שליח, א רעכטען שתדלן צום אויבערשטען.

אין דער מינוט האט זיך איטליכער געוואונשען צו זיין אויף רב מלך דעם חזנ'ס ארט.

און רב יוזיפיל האָט, אפּנים, פֿערגעסען, אז ער רעדט מיט א טוידטען, און האָט אויסגעלאָזט זיין הספּד מיט די דאָזיגע ווערטער:

— לך לשלום — געה געזונטערהייד און זיי מצליח!...

לאנג־לאנג נאָכדעם האט מען נישט אויפגעהערט צו דער־צעהלען אין כתרילעווקע פון רב מלך דעם חזנ'ס טוידט און פון דער לויה, וואָס ער האָט געהאָט, און מע האָט געזאָגט מיט א זיפץ:

— יאָ, א י ה ם מעג מען מקנא זיין...

# צוויי שלח־מנות׳ען

א.

ס׳איז שוין לאנג נישט געווען אין כתרילעווקע אזא שענער פורים און אזא ווארעמער. עס האט פארפריה געלאזט דאס אייז, און פונ׳ם שניי איז געוואָרן א טוואַן ביז׳ן גארטעל. די זון האט געשיינט. עס האט געבלאזען א פויל ווינטעל. א נאַריש קעלבעל האט זיך אויסגעוויזען, אז סע שמעקט מיט ווענסנע, האט דאס אנ־געהויבען בלעקען, פעררייסען דעם וויידעל, אראפגעלאזט די מאָרדע און ארויסגעלאזט א האלבען „מע!" אויף דער גאס זענען גע־לאפען שליינגעלדיגע ריטשקעלעך אראפ־בארג, געשלעפט מיט זיך וואו ערגיץ א שפענדעל, א שטרוי אדער א שטיקעל פאפיער. א גליק, וואס אין שטאדט איז נאך כמעט ביי קיינעם נישט געווען אויף מצות; אניט, וואלט מען געקאנט מיינען, אז ס׳איז נישט פורים, נאר ערב־פסח.

סאמע אין מיטען שטאדט, אין דער רעכטער בלאטע, האבען זיך בעגעגענט צוויי מיידלעך, וואס ביידע האבען געוזייסען נחמה, — איינע א שווארצע, א געזונדע, מיט געדיכטע ברעמען און מיט א קורצער נאז, די אנדערע א ווייסע, א קראנקליכע, מיט רויטע האר און מיט א שפיצעכיג נעזעל; איינע א באָרוויסע, מיט גראבע שווארצע פולקעס, די אנדערע כלומרשט אין שיך, וואס האלטען אפען דאס מויל און „בעטען עסען"; שענע שיך! אז מע געהט,

ק׳ואטשקען זיי און סע שלעפּט זיך נאָך אַ פּאַדעשווע, וואָס גיט אַלע מאָל אַ ליאַסק מיט אַ קוויטש, און אַז מע טהוט זיי אויס, ווערען זיי אַ פּוּד. דאָס איז געווען אַזעלכע שיך, וואָס מע זאָגט אויף זיי: „איידער אַזעלכע שיך, איז שוין גלייכער באָרוויס“...ביידע נחמה׳ס האָבען געטראָגען שלח־מנות׳ען, איבערגעדעקט מיט אַ ווייס סערוועטעל, און צוגעהאַלטען מיט ביידע הענד אין יער הויך. דערזעהען זיך, האָבען ביידע מיידלעך זיך אָפּגעשטעלט.

— אַ! נחמה?

— אַ! נחמה?

— וואוהין געהסט דו דאָס, נחמה?

— וואָס הייסט וואוהין געה איך? איך טראָג שלח־מנות.

— צו ועמען טראָגסט דו שלח־מנות?

— צו אייך טאַקי; און וואוהין געהסט דו, נחמה?

— וואָס הייסט וואוהין געה איך? זעהסט דאָך, אַז זיי טראָג שלח־מנות.

— צו ועמען טראָגסט דו שלח־מנות?

— טאַקי צו אייך.

— אַ היסטאָריע בנאמנות!

— אַ ריינע קאָמעדיע!

— אַנו, ווייז נאָר דיין שלח־מנות, נחמה?

— ווייז דיין שלח־מנות, נחמה?

און ביידע נחמה׳ס האָבען געזוכט מיט די אויגען, וואו מען קאָן זיך צוזעצען אויף אַ ווײַלע, און גאָט האָט זיי צוגעשיקט. דערזעהען אַ קלעצעל נעבען איין איינפאָהרהויז, האָבען זיי אויפגעהויבען די פּיס אין דער לעהמיגער בלאָטע און האָבען זיך בעזעצט אויף דעם דאָזיגען קלעצעל, אנידערגעשטעלט די בעקענס אויף די קניהעס, אויפגעהויבען די סערוועטלעך און בעטראַכט די שלח־מנות׳ען.

פריהער האָט נחמה די רויטע אויפגעדעקט און בעוויזען איהר שלח־מנות. זי האָט געדיענט ביי זעלדע רב יאָסי׳ס, גענומען פינפטהאַלבען קערבלעך פאַר׳ן ווינטער מיט קליידען און שיכען. ס׳איז געווען אַ „קליידען" מיט אַ „שיכען"! מילאָ, דאָס קליידעל איז געווען אַ קליידעל, מיט לאַטעס אפילו, נאָר פאַרט אַ קליידעל; די שיך אָבער זענען מאַנסבילשע שיך, פון זעלדע רב יאָסי׳ס בחור מנשה, וואָס האָט אַ פוס, ווי אַ דעיזשקע, און דערצו האָט ער נאָך אַ טבע דרעהען די אָבצאַסען. שענע שיך!

דער שלח־מנות, וואָס נחמה די רויטע האָט געטראָגען, איז בעשטאַנען: פון אַ שענעם גרויסען המן־טאַש מיט מאָהן, פון צוויי קישעלעך, איינס איין אָפענס, מיט האָניגפאַרפעל, און דאָס אַנדערע אַ קיילעכיגס, פוןביידע זייטען זעהר שען געצוויקעלט, אַ צוקערלעקאַכעל, מיט אַ ראָזינקע אריינגעשטעקט סאַמע אין מיטען, אַ גרויס פיערעקעכיג שטיק טאָרט, אַ שען שטיקעל קור־מישברויט, צוויי קליינע מלכות־ברויטלעך און אַ היבש שטיק קאָרע־נער לעקאַך, וואָס איז ביי זעלדען היינטיגס יאָהר מעהר געראָטען ווי אַלע יאָהר: צי די מעהל איז געווען זעהר אַ גוטע מעהל, צי דער האָניג איז געווען אַ ריינער האָניג, צי דער לעקאַך האָט זיך גלאַט גוט אויסגעבאַקען, צי מע האָט איהם גוט אויסגעשלאָגען — ער איז געווען טאַקי נאָר ווי אַ געדיכטע פעבקע קישען!

בעטראַכט נחמה דער רויטער׳ס שלח־מנות, האָט נחמה די שוואַרצע אויפגעדעקט און בעוויזען איהר שלח־מנות. זי האָט גע־דיענט ביי זלאַטע רב אייזיק׳ס, גענומען זעכס קערבלעך פאַר׳ן ווינטער אויף איהר אייגענעם גאַנג, איז זי דערפאַר געגאַנגען באָרוויס, און זלאַטע האָט זי געשאָלטען מיט טוידטע קללות:

— ווי אַזוי געהט דאָס אַ מויד אַ גאַנצען ווינטער באָרוויס? דו ווילסט, אַפנים, זיך פאַרקיהלען, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר!...

נחמה האָט זי אָבער געהערט, ווי המן דעם גראַגער. זי האָט בעי־סער געקלויבען דאָס געלד אויף פסח; אויף פסח וועט זי, אם ירצה השם, זיך מאַכען אַ פּאָר שיך אויף הויכע אבצאַסען מיט קולקעס

און א סיצען קליידעל מיט אובארקעלעך. קאפעל דער שוסטער, וואס שדכנ'ט זיך צו איהר, וועט איינגעמען א מיתה משונה!

דער שלח־מנות, וואס נחמה די שווארצע האט געטראגען, איז בעשטאנען פון א פיין שטיק שטרודעל, צוויי גרויסע צוקער־לעקאכער, א היבש האניג־טייגעל, צוויי קישעלעך, וואס פון ביידע זייטען איז געווען אויסגעצוויקעלט א פישעלע און אנגעפילט מיט קליינע זיסע פארפעלעך, און צוויי גרויסע מאהענדלעך, שווארצע, גלאנצענדיגע, דורכגעשפיגעוועט מיט יאדערען פון ניסלעך, גוט איינגעפרעגעלט אין האניג! אויסערדעם איז אויפ'ן בעקען געלעגען און געשמייכעלט א געלער, א שמעקענדיגער מאראנץ, וואס דער ריח איז זיך צעגאנגען אין יעדען אבר.

ב.

— הערסט ד, נחמה, וואס איך וועל דיר זאגען? דיין שלח־מנות איז א שענערער שלח־מנות פון מיין שלח־מנות! — אזוי האט געזאגט נחמה די רויטע צו נחמה דער שווארצער מיט א קאמפלימענט.

— ע! דיין שלח־מנות איז אויך ניט קיין שלעכטער שלח־מנות! — האט איהר נחמה די שווארצע געענטפערט מיט א קאמפלימענט פאר א קאמפלימענט און האט א טאפ געטהאן מיט'ן פינגער דעם המן־טאש.

— אט א המן־טאש!... — האט געזאגט נחמה די שווארצע און האט זיך אזש בעלעקט. — אט דאס הייסט א המן־טאש!... איך וועל דיר זאגען דעם אמת, איך פארגין איהר גארנישט, דער בעל־הבית'טע מיינער, אזא המן־טאש... אזא מכה זאל זיך איהר זעצען אויפ'ן פנים, רבונו של עולם!... הערסט דו, נחמה, ווערליג איך האב נאך היינטיגען טאג אין מיין מויל נישט געהאט, וואלט איך א בעלן געווען פארזוכען פון דער דאזיגען המן־טאש חאטש א שטיקעל...

— און איך, מיינסט דו, האָב היינטיגען טאָג עפּיס געגע־סען? ניִשט מעהר זאָלען זיי עסען ווייל זיי ווילען לעבען! — מאַכט נחמה די רויטע און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען. — נעם, פאָלג מיך, נחמה, דעם המן־טאַש און צעברעך איהם אויף צווייען, וועלען מיר איבערחאַפּען. וואו שטעהט דאָס, אז שלח־מנות מוז זיין מיט אַ המן־טאַש? אַט למאי איז ביי דיר שלח־מנות אָהן אַ המן־טאַש?

— לאָם איך האָבען אַזאַ יאָהר, ווי דו ביזט גערעכט! — זאָגט נחמה די שוואַרצע, צעברעכט דעם המן־טאַש אויף צווייען און צעטיילט זיך מיט נחמה דער רויטער

— הערסט דו, וואָס איך וועל דיר זאָגען! ס'איז דאָך טעם גן־עדן, בנאמנות! אַ חסרון נאַר, וואָס סע מעהר ניִשטאָ... פאַר דיין המן־טאַש, נחמה'ניו, קומט דיר אַ שטיק לעקאַך פון מיין שלח־מנות, וואָרום וועדליג מיר וועלען זיך דאָ אָננעמען פאַר'ן וועג, מעג זיי זיין ווינציגער מיט אַ שטיקעל לעקאַך און מעהר מיט אַ מכה... מאָהל דיר, פון גאַנץ פריה אָן ביז איצטערטאָ — טרעף, וויפיעל האָב איך געמאַכט? קוים־קוים אַ גילען מיט צוויי גראָשען. אי דאָס — זענען די צוויי גראָשען מיט אַ לעבעל... וויפיעל האָסט דו געמאַכט, נשמה מיינע?

— איך האָב דאָס אויך ניִט געמאַכט, אַ מכה זאָל זיך זיי מאַכען! — זאָגט נחמה די רויטע און קייעט דעם לעקאַך און שלינגט גאַנצע שטיקער, ווי אַ גאַנז. — הלואי איך זאָל פאַר'ן גאַנצען טאָג מאַכען אַ גילען!...

— שענע נגידית'טעם, זיי מעגען זיך, נישקשה, אַלע באַגראָ־בען! — זאָגט נחמה די שוואַרצע און בעלעקט זיך נאָכ'ן לעקאַך. — איך קום צו געהן צו חיענע דער צעלניקעריין מיט'ן שלח־מנות, נעמט זי צו ביי מיר דעם שלח־מנות, קראַצט און קראַצט די קע־שעני און הייסט מיר קומען שפּעטער, קומען זאָל אויף איהר אַ מיתה משונה!

— אזוי ווי איך האָב געהאַט ביי קיילי רב אהרן'ס. — זאָגט נחמה די רויטע. — איך קום צו געהן צו איהר מיט'ן שלח־מנות, געהט זי און שענקט מיר אַ צוקערלעקאַכעל פאַר'ן וועג, שענקען זאָל איהר גאָט אַ נייע נשמה!

— און די אַלטע זאָל מען אַרויסוואַרפען פאַר די הינט! — לאָזט אויס פאַר איהר נחמה די שוואַרצע און נעמט איינע פון זלאָטע'ס צוויי צוקערלעקאַכער און צעברעכט איהם אויף צווייען.— נאַ, עס, נשמה מיינע, עסען זאָלען זיי ווערעם! אז דיין בעל־הבית'טע וועט האָבען ווינציגער מיט אַ צוקערלעקאַכעל, ביז איך בדלות!

— אוי, אַ מכה איז מיר! — האָט זיך נחמה די רויטע צום ערשטען מאָל אויפגעחאַפּט פונ'ם אָרט און אָנגעהויבען ברעכען די הענד. — זעה, נאַר, נשמה'ניו, וואָס ס'איז מיר געבליבען פונ'ם שלח־מנות!

— ווער וועט זיי געהן דערצעהלען, נאַרישע מויד? — בע־רוהיגט זי נחמה די שוואַרצע. — האָב קיין מורא ניט, ס'איז ביי זיי היינט אַ טאָג פון שלח־מנות, זענען זיי פאַרטאַרעראַמט, מע וועט זיך ניט אַרומקוקען.

אוןביידע נחמה'ס דעקען איבער די שלח־מנות'ען מיט די ווייסע סערוועטלעך און לאָזען זיך געהן איבער דער בלאָטע, איינע אהין, די אַנדערע אהער, גלייך ווי ס'איז גאָר ניט געווען...

ג.

זעלדע רב יאָסי'ס, אַ אידינע מיט אַ קיילעכיגען פּנים און אַ גאַנץ שענע, איז געשטאַנען מיט אַ רויטען זיידענעם פאַרטוך מיט ווייסע שפּרינקעלעך און האָט אויסגעטיילט און צענויפגעשטעלט אַלע שלח־מנות'ען, וואָס זי האָט בעדאַרפט שיקען יענעם און וואָס יענע האָבען געשיקט איהר.

רב יאָסי לעמעשקע (אזא צונעמעניש האָט ער געהאַט אין כתרילעווקע) איז געלעגען אויף דער קאנאַפּע און האָט געחראָפּעט. און מנשה, א בחור פון א יאָהר אכטצעהן מיט רויטע באַקען און מיט א לאַנגער ליוסטרינינגער נאַקידקע, האָט אַרומגעפּאַדקעוועט אַרום דער מאַמע, געגאַשט אַלע מאָל א שטיקעל האָניגטייגעל, א צוויי פאַרפעלעך אָדער א מאָהנדעל; ער האָט זיך אזוי אָנגע־שטאָפּט מיט די אַלע גוטע זאַכען, אז די צייהן מיט די ליפּען זענען איהם געוועזן שוואַרץ און דער בויך האָט אָנגעהויבען „רערען“.

— מנשה, טאַמער וואָלט שוין אַמאָל געוועזן גענוג, מנשה? — זאָגט איהם זעלדע אַלע מינוט.

— גענוג, גענוג! — ענטפערט מנשה און חאַפּט אריין אין מויל אריין אַלע מאָל איין אַנדער שטיקעל, „דאָס לעצטע מאָל“, און ווישט אוים מיט דער צונג די ליפּען.

* * *

— א גוט יום־טוב, די בעל־הבית׳טע האָט אייך געשיקט שלח־מנות! — זאָגט נחמה די שוואַרצע און טראָגט־אונטער זעלדען דעם איבערגעדעקטען שלח־מנות.

— ביי וועמען דיענסט דו? — פרעגט זי זעלדע מיט א פריינד־ליך שמייכעל און נעמט־צו ביי איהר דעם שלח־מנות פון די הענד.

— ביי זלאַטע רב אייזיק בעל־בריתניק׳ס. — מאַכט נחמה די שוואַרצע און וואַרט, מע זאָל ביי איהר צונעמען דעם שלח־מנות און אומקעהרען דאָס בעקען.

זעלדע נעמט זיך מיט איין האַנד צו דער קעשענע בעצאַהלען דעם מיידעל א גראָשען פאַר׳ן וועג, און מיט דער אַנדערער האַנד דעקט זי אָפּ דעם שלח־מנות און בלייבט שטעהן ווי געלעהמט.

— וואָס איז דאָס? מנשה, טהו נאָר א קוק!..

מנשה דערזעהט דעם שלח־מנות, חאַפּט ער זיך ביי די זייטען, בויגט זיך צו ביז דער ערד און מאַכט אזא געלעכטער, אז רב יאָסי לעמעשקע פאַלט שיער אַראָפּ פון דער קאַנאַפּע א דערשראָקענער.

— הא? וואָס? וואָס איז? ווער איז דאָרטען?...

— זעה נאָר א שלח־מנות! — מאַכט צו איהם זעלדע און לעגט צענויף ביידע הענד אויפ'ן בויך. מנשה הערט נישט אויף צו לאַכען, און רב יאָסי לעמעשקע טהוט א שפּיי, דרעהט זיך אוים מיט'ן פּנים צו דער וואַנד און שלאָפט ווייטער.

זעלדע טהוט א שמייז נחמה'ן דעם בעקען מיט'ן סערוועטעל און זאָגט צו איהר:

— זאָלסט זאָגען דער בעל־הבית'טע דיינער, זי זאָל דער־לעבען איבער א יאָהר און זאָל קיין שענערען שלח־מנות ניט פאַר־מאַגען!

— אָמן גם אתם! — מאַכט נחמה די שוואַרצע און נעמט צו דעם בעקען.

— מיט'ן קאָפּ אין דער ערד! — זאָגט זעלדע מיט כעס.— מ'ז מויד איין עזות'ניצע, קאַן! וואָס זאָגסט דו אויף איהר, מנשה?...

ד.

זלאָטע רב אייזיק'ס, א אידינע, וואָס האָט אַלע יאָהר א קינד און הערט נישט אויף צו דאָקטערען זיך, איז שוין געווען אזוי אויסגעמיעדט פונ'ם שלח־מנות אָפּנעמען און ארויסגעבען, אַז זי האָט זיך געמוזט צוזעצען אויף א בענקעל און קאָמאַנדעווען מיט'ן מאַן אייזיק בעל־בריתניק (אזוי האָט מען איהם גערופען הינטער די אויגען, דערפאַר ווייל ער פּראָוועט אַלע יאָהר א ברית).

— אייזיק, נעם אָט א יענם טייקעל טאָרט און לעג אוועק זזהער, און דאָס שטיקעל קוימיש־ברויט מיט די צוויי מאַהנדלעך פון דאַנען לעג־צו אַהין, אייזיק, און דו לאַנג מיר יענם קישעלע וואָס מיט די פאַרפעל, ניין ניט יענם, אָנ א יענם! נו, ריהר זיך, אייזיק! זעה נאָר, ווי מע בעדאַרף איהם לערנען קמץ־אלף, ווי מיט א קליין קינד! און נעם יענם לעקאַכעל, דאָס גרעסערע, און

לעג־צו אהין, אַט אזוי - און צעשנייד דאָס שטיקעל טאָרט אויף צווייען. צו אַ גרויסע שטיק טאָרט, אייזיק, איין עבירה... אין דער ערד אריין, ממזרים, וואָז!

די לאַטע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען אויף אַ גאַנצער חאַפּטע ווייסע־חברה'ניקעס, וואָס זענען געשטאַנען אַרום איהר מיט הוילע פּוכקעס, געקוקט אויף די זיסע זאַכען מיט זשעדנע אויגען און בעלעקט זיך.

די ווייסע־חברה'ניקעס גנבה'נען זיך אונטער אַלע מאָל פון הינטען, ווילען אַוועקשלעפּען אַ לעקאַכעל פונ'ם טיש. דערזעהט די מאַמע און שענקט אַ פּאַטש אָדער אַ סטוסאַק מיט אַ פּאַטי־לעטשניק.

* * *

— אַ גוט יום־טוב! די בעל־הבית'טע האָט אייך געשיקט שלח־מנות! — זאָגט נחמה די רויטע און טראָגט אונטער זלאַטען דעם איבערגעדעקטען שלח־מנות.

— ביי וועמען דיענסט דו? — פרעגט זי זלאַטע מיט אַ פריינדליך שמייכעלע און נעמט־צו ביי איהר דעם בעקען פון די הענד.

— ביי זעלדע רב יאָסי לעמעשקעס, — זאָגט נחמה די רויטע און וואַרט, מע זאָל ביי איהר צונעמען דעם שלח־מנות און אומ־קעהרען דעם בעקען.

זלאַטע נעמט זיך מיט איין האַנד צו דער קעשענע בעצאָהלען דעם מיידעל אַ גראָשען פאַר'ן וועג, און מיט דער אַנדערער האַנד דעקט זי אָפּ דעם שלח־מנות און בלייבט שיער חלשות.

— אַלע בייזע ווייסטע שלעכטע טוידטע פינסטערע חלומות זאָל אויסגעהן צו מיינע שונאים'ס קעפּ און צו זייערע הענט און פיס און צו זייער לייב און לעבען! זעה־נאָר אַ מין שלח־מנות! אזוי ווי עפּיס גאָר אויף אַ געלעכטער, אַ הולטייקע קאָן!

— נאַ, גיב דאָס אָפּ דער בעל־הבית'טע דיינער צוריק! — זאָגט זלאַטע און טהוט אַ שמיץ נחמה דער רויטער דעם בעקען מיט'ן סערוועטעל מיט'ן שלח־מנות צוריק אין פּנים אַריין.

ה.

רב יאָסי לעמעשקע און רב אייזיק בעל־בריתניק זענען ביידע קרעמער אין כתרילעווקע, אַ קלייטעל נעבען אַ קלייטעל, און האָטש זיי זענען קאָנקורענטען, הייסט דאָס, און שלעפּען איינס בייַ'ם אַנדערען קונים, אַבי זיי קאָנען נאָר, פון דעסטוועגען איז מען צווישען זיך דוקא גוטע ברידער, מע האַפּט איינער בייַ'ם אַנדערען אַ גמילות־חסד, מע געהט איינער צום אַנדערען אויף שמחות, יום־טוב — אויף קדוש, ווי עס געהער צו זיין צווישען נאָהענטע שכנים. זומער זיצט מען גאַנצע טעג אין קלייט און מע שפּיעלט אין ביינד־לעך, און ווינטער געהט מען אַריין איינער צום אַנדערען זיך אָנ־וואַרעמען אַביסעל. אויך די ווייבער צווישען זיך לעבען גאָר פריינדליך, רעדען ביידע אָפּ פון דער גאַנצער וועלט, לייהען זיך אויס איינס דאָס אַנדערע, אַז סע פעהלט סחורה, פערטרויען זיך איינע דער אַנדערער די גרעסטע סודות, קריעגען זיך כמעט קיינ־מאָל ניט, און אפילו אַז עס מאַכט זיך, זיי צעקריעגען זיך אַ מאָל איבער אַ נאַרישקייט, בעטען זיי זיך באַלד איבער... הכלל, ס'איז אַ לעבען ווי „אונטער'ן באַד“.

אויף מאָרגען נאָך פּורים, אַז רב אייזיק בעל־בריתניק איז אַרויסגעקומען עפענען די קלייט, איז שוין רב יאָסי לעמעשקע גע־שטאַנען ביי דער טיר פון זיין קלייט אָנגעבלאָזען, ווי איין אינדיק, און געוואַרט, אַז רב אייזיק זאָל צוגעהן צו איהם זאָגען אַ גוט מאָרגען, וועט ער איהם ניט ענטפערען... רב אייזיק, וואָס איז אויך געווען גוט אָנגעדרודעלט פון זיין ווייב אויף רב יאָסי'ן, האָט אויפגעשלאָסען די קלייט, זיך אָנידערגעשטעלט ביי דער טיר און געוואַרט ביז רב יאָסי וועט צוגעהן צו איהם און וועט איהם

זאָגען אַ גוט מאָרגען, וועט ער איהם ניט ענטפערען... און אַזוי זענען זיי געשטאַנען ביידע איינס אַקעגען דאָס אַנדערע, ווי די האָהנען, און געוואַרט, ווער וועט אַנהויבען פריהער... זיי וואָלטען געקאָנט אַזוי אָוועקשטעהן ביידע אַ גאַנצען טאָג, ווען עס זאָלען ניט געווען אָנקומען זייערע ביידע ווייבער פון׳ם מארק, ביידע מיט פלאַמענדיגע פנים׳ער און מיט ברענענדיגע אויגען פאַר כעס.

— אייזיק, פאַר וואָס דאַנקסט דו איהם ניט אָפּ פאַר׳ן שענעם שלח־מנות, אייזיק, וואָס זיין יפהפיה האָט מיר געשיקט? — רופט זיך אָן זלאַטע צו איהר מאַן.

— יאָסי, פאַר וואָס דערמאָנסט דו איהם ניט דעם נעכטיגען שלח־מנות? — זאָגט זעלדע צו איהר מאַן.

— אייזיק, דו הערסט, אייזיק, זי רייצט זיך נאָך! וואָס שווייגסט דו איהם, אייזיק?

— וואָס וועל איך געהן רעדען מיט אַ „לעמעשקע“? — זאָגט רב אייזיק הויך אויף אַ קול, בכדי רב יאָסי זאָל דערהערען, אַז ער רופט איהם „לעמעשקע“.

— איך האָב מורא אָנהויבען זיך מיט אַ „בעל־בריתניק“!...— זאָגט רב יאָסי הויך אויף אַ קול, בכדי רב אייזיק זאָל הערען אַז ער רופט איהם „בעל־בריתניק“.

דאַכט זיך, אין פלוג, וואָס ליגט אַזעלכעס אינ׳ם וואָרט „בעל־בריתניק“? איטליכער איד, אַז זיין ווייב ווערד געלעגען און האָט אַ יונגעל, ווערד ער אויפ׳ן אַכטען טאָג אַ בעל־בריתניק.

רב אייזיק אָבער האָט אַלסדינג אויף דער וועלט געקאָנט איבערטראָגען, נאָר נישט דעם צונעמעניש „בעל־בריתניק“. דאָס איז פאַר איהם געווען טויזענד מאָל ערגער ווי אין טאַטען אריין געשאָלטען! ער איז דעמאָלט קאַפּאַבעל געווען יענעם צערייסען אויף שטיק שטיקלעך!...

דאָס אייגענע איז געווען מיט רב יאָסי'ן. איהר זאָלט איהם געבען דריי פעטש, וואָלט ביי איהם געווען מעהר ניחא, ווי דאָס וואָרט „לעמעשקע".

עס איז זיך צענויפגעלאָפען דער גאַנצער מאַרק, און מע האָט ווי קוים צענומען; מע האָט געוואָלט געוואָהר ווערען, פאַר וואָס און פאַר ווען האָבען זיך עס צוויי נאָהענטע שכנים און גוטע פריינד פלוצים פערפאָהרען איינס דאָס אַנדערע אין די בערד אריין... נאָר רב יאָסי און רב אייזיק און זלאַטע און זעלדע האָבען געערדט אַלע פיער איינס איבער דאָס אנדערע, זיי האָבען אַלע אַזוי געפילדערט און געקוויטשעט, אַז מע האָט נאָר געקאָנט הערען „שלח־מנות!" „שלח־מנות!" — און גענוג. וואָס „שלח־מנות"? ווער „שלח־מנות"? — דאָס איז אונמעגליך געווען צו דערגרונטעווען זיך.

— אַז דו ווערסט ניט איינגעבען צום מיראָוואַי אויף דער „לעמעשקע", זאָלסט דו זיך געזעגענען מיט'ן לעבען! — האָט זלאַטע געשריגען אויף איהר מאַן. און רב יאָסי האָט זיך אָנגערופען צום גאַנצען מאַרק:

— אידען, איהר זאָלט זיין עדות, אַז די דאָזיגע הולטייקע האָט מיך אָנגערופען „לעמעשקע"! אָט געה איך באַלד און געב־איין דעם מיראָוואַי אויף איהר און אויף איהר מאַן דעם „בעל־בריתניק" אַ פּאַפּיער.

— אידען! — האָט זיך אָנגערופען רב אייזיק. — איהר זאָלט וויסען, אַז איך שטעל אייך פאַר עדות ביי'ם מיראָוואַי, אַז דער דאָזיגער... דער דאָזיגער... דער דאָזיגער... איך וויל איהם ניט אָנרופען ביי זיין שענעם נאָמען, האָט מיך נאָר־וואָס אָנגערופען „בעל־בריתניק"!

אין אַ שעה אַרום זענען זיי ביידע געווען ביי יודעל דעם שרייבער, ביידע האָבען געשטעלט עדות און ביידע האָבען איינגע־געבען צום מיראָוואַי.

ו.

דער כתרילעווקער מיראָוואי, פאָן מיליניעווסקי, אַ גראָבער פריץ מיט אַ לאַנגער באָרד און מיט אַ הויכען שטערן, איז שוין אַזוי לאַנג מיראָוואי, אַז ער איז גוט בעקאַנט מיט דער גאַנצער שטאָדט, אויסגעבונדען מיט איטליכען בעזונדער, און איבערהויפּט מיט כתרילעווקער אידען; ער קען יעדען איינציגען, ווייסט יעדענס כאַראַקטער דורך און דורך, פערשטעהט אידיש ווי אַ איד, קלוג ווי די וועלט. „טאַקי נאָר אַ אידישער קאָפּ אויף איהם!"...— זאָגט מען אין כתרילעווקע.

קומט אָסיען־צייט, ארום נאָך סכות, ווערד ער פערוואָרפען מיט פּאַפּיערען, און אַלץ פון אידען זאָלען געזונד זיין, — נישט חלילה פאַר גנבות, גזילות און רציחות — ניין! נאָר פאַר פייגען און פאַר פעטש איבער „שישי", איבער „אתה־הראית", איבער „חתן־תורה" און „חתן־בראשית". פאָן מיליניעווסקי האָט פיינט מאַכען מיט די כתרילעווקער אידען צערעמאָניעס, אריינלאָזען זיך מיט זיי אין לאַנגע חקירות, און קיין סך רעדען לאָזט ער זיי ניט, וואָרום ס'איז אַ מעשה אָהן אַיין עק. ווילען זיי שלום, איז רעכט (פאָן מיליניעווסקי איז אַ רודף־שלום'ניק); אַלאָ ניט, טהוט ער אָן די קיימן און שניידט: „פּאַ אוקאַזו נאַ אָסנאָוואַניע טאַקאָי־טאַ אי טאַקאָי־טאַ סטאַטי פּסק'ע איך אָפּ הערשקען זאַ פּאָסען (חתן)־בראשית דריי טעג וועזשע, און יענקלען זאַ פּאָסען (חתן)־תורה דריי טעג וועזשע"... קיין מיוחסים, ווי איהר זעהט, איז ביי איהם נישט פאַרהאַן.

פונקט צוויי וואָכען פאַר פסח איז געווען דער משפּט פונ'ם „שלח־מנות". דאָס מיראָוואָי־שטיבעל איז געווען פול אָנגעשטויסען מיט אידען און ווייבער, וואָס כמעט אַלע זענען געווען עדות. ס'איז ניט געווען וואו אַ שפּילקע דורכצוּוואַרפען.

— אייזיק, יאָסקע, זלאַטע, זעלדע! — האָט אויסגערופען פאַן מיליניעווסקי, און עס זענען ארויסגעטראָטען פון דער ערשטער באַנק רב יאָסי לעמעשקע און רב אייזיק בעל־בריתניק מיט זייערע ווייבער; און איידער דער מיראָוואַי האָט נאָך אויסגערעדט אַ וואָרט, האָבען זיי אַלע ־יער מיט אַ מאָל אָנגעהויבען רעדען, און מעהר פון אַלע און העכער פון אַלע, געוועהנליך, די ווייבער.

— גאָספּאָדין מיראָוואַי! — זאָגט זעלדע, שטופּט־אָפּ דעם מאַן און בעווייזט מיט דער האַנד אויף זלאַטען. — אָנאָ עטאַ הולטייקע דאָ מיניע פּריסלאַיעט הייִנטיגען פּורים האראָשי שלח־מנות נאָ לייטיש געלעכטער! פּאַרשיווי שטרודעל אי אָדין צו־קערלעקאַבעל, פּראָסטאָ חנזק, סטראָם, טפו!...

— אוי! אוי! אוי! איך וועל דאָס גאָרניט אויסהאַל־טען! — שרייט זלאַטע און שלאָגט זיך אין הארצען. — דאַי באָזשע מיני טאַקיי שמאַטאָק זאַלאָטע!

— אָמן! — זאָגט זעלדע.

— שווייג, דו פּיסקאַטע! דוואָ פּאַדושיטשקי, גאָספּאָדין מיראָוואַי, דאַי באָזשע מיני טאַקיי מזל, אי קומישברויט, אי צאַר־סקי חליעב, אי צרות איהר, אי פּראַנעק! אי פּרעה'ס מכות! אַ האָמענע אוכע? וועה איז מיר!

— יאַקאַי האָמענע אוכע? סע הויבט זיך גאָר ניט אָן!

דער מיראָוואָ האָט געפּרובט איינשטילען די ווייבער פריהער מיט גוטען, נאָכדעם מיט בייזען, געקלונגען מיט'ן גלעקעל, און אַז ער האָט געזעהען, אַז עס העלפט ניט, ס'איז אוממעגליך זיי צו צו־מאַכען דאָס מויל, האָט ער די ווייבער ארויסגעטריבען מחילה אין דרויסען ארויס, סע זאָל ווערען אַביסעל שטילער, מע זאָל האָטש קאָנען הערען וואָס מע רעדט, און די מאַנסבילען האָט ער געגעבען איין עצה, זיי זאָלען געהן צום רב.

— דאַ ראַבינאַ! — האָט ער זיי געזאָגט. — דאַ ראַבינאַ סוואַשים האַמענעאוכע! — און דער גאַנצער עולם איז אַוועק פון דאַרטען צום רב.

רב יוזיפיל דער רב, וועדליג ער איז בעקאַנט אונזערע לעזער, איז ברוך־השם אַזאַ איד, וואָס קאָן איבערטראַגען אויף זיך אַלס־דינג. ער האָט ליעב אויסהערען איטליכען בעזונדער ביז'ן סוף. רב יוזיפיל געהט מיט דעם גאַנג, אַז יעדער מענש, וויפיעל ער זאָל ניט רעדען, מוז ער אַמאָל אויפהערען, ווארום אַ מענש, זאָגט ער, איז ניט קיין מאַשינע. דער חסרון איז נאָר געוועזן, וואָס איצטיגס מאָל האָבען זיי גערעדט אַלע פיער אינאיינעם, איינס איבער'ן אַנדערען, און אויך מענשען פון דער זייט האָבען זיך אַלע מאָל אריינגעמישט. נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס? אַלסדינג אויף דער וועלט מוז האָבען אַ סוף... אַז אַלע האָבען זיך גוט אָנגערעדט, אָנגעשריגען און אָנגעקריעגט, און ס'איז געוואָרען שטיל, האָט זיך רב יוזיפיל אָנגערופען צוביידע צדדים פּאַוואָלי, בנעימות, ווי זיין שטייגער איז, מיט אַ זיפצעל:

— אַך־אַך־אַך! געהט אַזאַ יום־טוב, אַזאַ הייליגער יום־טוב, פּסח! אַ קלייניגקייט — פּסח! אונזערע עלטערען זענען ארויסגעגאַנגען פון מצרים, אריבערגעגאַנגען דעם ים, אַזאַ ים, אין דער טריקעניש! געבלאָנזעט אין דער מדבר פערציג יאָהר. פערציג יאָהר! מקבל געוועזן אויפ'ן באַרג סיני די תורה, אַזאַ תורה, וואָס דאָרט שטעהט געשריבען בפירוש: „ואָהבת — און דו זאָלסט ליעב האָבען, לרעך — צו דיין חבר, כמוך — ווי זיך אַליין; זאָלסט דו ליעב האָבען!"... צום סוף, אוי, צום סוף קריעגען זיך אידען, בעונותינו הרבים, רייסען זיך ביי די בערד. איבער וואָס? איבער נאַרישקייטען, שטות'ערייען... אַ חלול־השם פאַר גויים, כלעבען, אַ חלול־השם!... מע זאָל בעסער

אין זינען האָבען מעות־חטים, אָרעמע לייט נעבאָך האָבען נאָך נישט קיין מצות אויף פּסח; פון אייער און פון שמאַלץ און פון שאַר־ירקות שמועסט מען ניט, — מצות חאַטש, גוואַלד, מצות אויף פּסח! א קליינינקייט — פּסח! אַזאַ יום טוב! אונזערע עלטערען זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, אַריבערגעגאַנגען דעם ים, אַזאַ גרויסען ים, אין דער טריקעניש, געבלאָנזעט אין דער מדבר פערציג יאָהר, פערציג יאָהר! מקבל געווען אויפ'ן באַרג סיני די תורה, אַזאַ תורה, אַזאַ תורה!... פאַלגט מיך, אידישע קינדער, זייט זיך מוחל איינער דעם אַנדערען, ווערד שלום, און געהט אַהיים געזונטערהייד און האָט בעסער אין זינען, עס געהט אַזאַ יום־טוב, אַזאַ גרויסער, אַזאַ הייליגער יום־טוב!...

איינציגווייז, איינציגווייז, האָט זיך דער עולם אָנגעהויבען אַרויסרוקען פונ'ם רב'ס שטוב, כלומרשט געלאַכט פון רב יוזיפיל'ס משפּט מיט א ווערטעל: „יאַק נע פּסק, טאַ פּסאַקעץ", ווי דער שטייגער איז פון די כתרילעווקער לצים. נאָר אינווענינ ביי זיך אין האַרצען האָט איטליכער בעזונדער געפיהלט, אַז רב יוזיפיל איז גערעכט, און מע האָט זיך געשעמט נאָך א מאָל איבער'חזר'ען די מעשה מיט'ן שלח־מנות...

* * *

דעם ערשטען טאָג פּסח אין דער פריה, נאָכ'ן דאַווענען איז רב יאָסי לעמעשקע (ער איז יונגער) געווען ביי רב אייזיק בעל־ברית־ניק אויף קידוש, געלויבט דעם פּסח'דיגען וויין, אַז ער איז היינטיגס יאָהר גאָר א חריפות, און געלעקט די פינגער פון זלאַטע'ס פאַליר־טשיקעס; און דעם אַנדערען טאָג פּסח אין דער פריה איז רב אייזיק בעל־בריתניק (ער איז עלטער) געווען ביי רב יאָסי לע־מעשקע אויף קידוש, גאָר נישט געקאָנט אָפּלויבען זיך פונ'ם פּסח־דיגען ווייז פון ראָזינקעס און פון זעלדע'ס פאַלירטשיקעס. און

ביי׳טאָג נאָכ׳ן עסען, אַז זעלדע מיט זלאַטען זענען זיך צענויפגע־
קומען און צערעדט פונ׳ם שלח־מנות, איז דער אמת ארויף ווי בוימ־
עהל אויפ׳ן וואַסער, און ביידע דיענסטמיידלעך, נחמה די שוואַר־
צע און נחמה די רויטע, האָבען שוין געהאַט זייער עהרליך אוים־
קומעניש: תיכף נאָך פסח האָט מען זיי געגעבען דעם וועג

# נישטאָ קיין מתים!

ראש־חודש אלול בין איך געקומען קיין כתרילעווקע אויף קבר־אבות.

דאָס אַלטע־אַלטע כתרילעווקער בית־הקברות זעהט אויס א סך שענער און א סך לעבעדיגער פון דער שטאָדט אַליין. איהר געפינט דאָ שטיבלעך־מצבות שענערע, ווי די שענסטע הייזער אין שטאָדט. היינט וואָס איז ווערטה דאָס, וואָס ס'איז דאָ טרוקען ווי פעפער, נישטאָ יענע לעהמיגע זומפּיגע בלאָטע, וואָס אין שטאָדט? דאָ זעהט איהר פאַר זיך האָטש גרינס, אַז עס קומט זומער־לעבען, א גרעזעל, א צוויי־דריי בארען־בוימלעך, איהר הערט א פּישטשען פון פויגעלעך, וואָס שפּרינגען פון איין צווייגעל אויפ'ן אנדערען און שמועסען זיך אויס אויף זייער לשון. דאָ זעהט איהר פאַר זיך א גרויסע קיילעכיגע בלויע יאַרמעלקע מיט א לויטערער ווארעמער זון. פון דער לופט שמועסט מען ניט, אַז דאָ איז זי אין טויזענד גראַד בעסער, פרישער און געזינטער ווי אין שטאָדט. סאַי דאָ סאַי דאָרט ליגט מען דאָך אין דער ערד פיער איילען! דער חילוק איז נאָר, וואָס דאָ, אויפ'ן בית־עלמין, ליגען די מתים אויף איין אָרט, און דאָרט, אין שטאָדט, געהען זיי נאָך אַרום; דאָ רוהען זיי שוין און ווייסען נישט פון קיין צרות. און דאָרט ווערען זיי נאָך פערשוואַרצט — און מי יודע, וויפיעל ס'איז זיי נאָך בעשערט געקומען און מוטשען זיך אויף דער וועלט!...

געטראָפען האָב איך דאָרטען עטליכע ווייבער ליגען אויף די קברים, וויינען און שרייען און טענה'ן זיך אויס אויף א קול.

איינע וועקט די מאַמע, זי זאָל אויפשטעהן און אַ קוק טהון אויף איהר איין־און־איינציגע טאָכטער, וואָס פון איהר איז געוואָרען!

— זאָלסט אויפשטעהן, מאַמעניו טהייערע מיינע, האַרציגע, געטרייהע, און אַ קוק טהון אויף דיין איין־און־איינציגע בת יחידה, אויף דיין ציטעריגער שרה־פּערעל, וואָס זי איז געווען ביי דיר דאָס שוואַרצאַפּעל פון׳ם אויג, ווי אַזוי זי ליגט איצט אין דער ערד. אוי וועה איז מיר, וואַלגערט זיך אין שכנות מיט קליינע קינדער פּיסקליאַטעס, וואָס געהען נאַקעט, קיין העמדעלע אויפ׳ן לייב, וואָרים ער קרענקט כסדר, ישראליק דיינער, פון זינט ער האָט זיך צוגעקיהלט דעמאָלט אויפ׳ן יריד קרענקט ער און דאָקטערט זיך. מע באַדאַרף איהם געבען מילך, איז ניטאָ! און די קינדערלעך נעבאַך שרייען אויך „מאָני“, און ס׳איז ניטאָ! און דירה־געלט מאָנט מיך הענזיל דער שניידער, ביי איהם זיצ איך היינט, און ס׳איז ניטאָ! און פאַר הערשלען שכר־למוד, ער ווערד היינטיגס יאָהר בר־מצוה, דאַרף מען צאָהלען נאָך פאַר יענעם זמן, און ס׳איז ניטאָ! צו וואָס מע נעמט זיך — איז ניטאָ, ניטאָ און ניטאָ!...

די אַנדערע איז געקומען צום טאַטען אויפ׳ן קבר זיך קלאָגען אויף איהר מאַן, וואָס מע האָט איהר געגעבען; מע האָט געמיינט איין אַנטיק, אַ צאַצקעלע האָט מען געזאָגט. אַלע מיידלעך האָבען איהר דעמאָלט מקנא געווען. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ער איז גאָר אַ שאַרלאַטאַן, איין אויסברענגער, פאַרגינט זיך אַוועקגעבען היינטיגען יום־טוב פאַר מפטיר פינף און פופציג „גילדוין“. און פאַר׳ן ערשטען פסוק פון „אתה הראית“ איז ער אַ בעלן געווען אָפּצאָהלען פאַדאַיאָהרען אַ דרייערעל! און וויפיעל ברענגט ער אוים אויף די ביכלעך, וואָס ער קויפט אַלע מאָל — פאַר די ביכלעך וועט ער אַוועקגעבען דעם טאַטען מיט דער מאַמען, און וואָס איך קרענק און דאַר — דאָס אַהרט איהם ניט!...

די דריטע איז געקומען אָפּגעבען מזל־טוב איהר מאַן אויף יענער וועלט: זי מאַכט חתונה דאָס ערשטע קינד און האָט נישט מיט וואָס, אפילו דאָס ערשטע האַלב נדן, וואָס זי האָט צוגעזאָגט

איינלעגען, האט זי נאך אויך ניט איינגעלעגט. קיין העמד נישט אויפ'ן לייב, קיין פאר שיך אפילו, און ווער רעדט פון חתונה־הוצאות, כלי־זמר, סארווערס, דאס, יענץ — וואו וועט זי דאס נעמען?... דער קאפ ווערד איהר שיער ניט צעפאלען, טאמער, חלילה, ווערד איהר שידוך אוים שידוך — וואס וועט זי טהון?...

און אזוי אלע איבעריגע ווייבער וויינען און בעקלאגען זיך אויף זייערע צרות, גיסען אוים זייער ביטער הארץ דורך טרערען, רעדען זיך אוים אביסעל מיט זייערע ליעבע און געטרייהע, טאמער וועט ווערען האטש אביסעל גרינגער אויף דער נשמה, און אז מע וויינט זיך גוט אוים, ווערד טאקי גרינגער...

איך דרעה מיך ארום צווישען די אלטע האלב־איינגעפאלענע קברים, לייען די אלטע אפגעריבענע אויפשריפטען פון די איינגע־בויגענע מצבות, דערזעהט מיך פון דערווייטען רב אריה דער קברות־מאן מיט דער לאנגער פלאכסענער באָרד און מיט די רויטע אויגען און פרעגט מיך:

— צו וועמען דארפסט דו?

רב אריה איז שוין אזוי אלט, אז קיינער ווייסט ניט זיינע יאהרען, און ער אליין אויך ניט. פון דעסטוועגען האלט ער זיך ריין און ציכטיג, די שטיוועלעך אויסגעפוצט, די באָרד צעקעמט, איטליכס הערעל בעזונדער, און היט זיך אפ, ווי א ציטעריגער בן־יחיד ביי דער מאמע, עסט נאר ווייכע זאכען און טרינקען טרינקט ער אלע פריהמארגען געקאכטע קרייטער מיט קאנדעלצו־קער. „ס'איז איהם גוט ווי די וועלט!“ — זאגט מען אויף איהם אין כתרילעווקע, און מען איז איהם באמת מקנא.

— שלום־עליכם, ר'ב אריה, וואס מאכט א איד? — רוף איך מיך אן און געה־צו צו איהם נאהענט. ס'איז פארנאכט. די זון האלט ביי אונטערגעהן און בעגילט די שפיץ קברים. רב אריה פער־שטעלט זיך מיט דער האנד, בעטראכט מיך מיט די רויטע אויגען, גלעט די באָרד און קוקט זיך איין.

— ווער ביזט דו? און צו וועמען דארפסט דו?

רב אריה איז אזוי אַלט, אַז ער מעג זיך פּערגינען צו זאָגן אַלעמען „דו".

איך זאָג איהם, ווער איך בין און צו וועמען איך דאַרף. דער־קענט מיך רב אריה און גיט מיר אָפּ שלום־עליכם און שאָמקעט מיט די ליפּען, רעדט מיט אַ פּייף:

— אַ? ביזט דו דאָס? געקענט דעם טאַטען דיינעם און דעם זיידען רב וועוויק נאָך. געווען אַ טייערער איד. און דעם פעטער פיני, אויך געווען אַ שענער איד, און דער פּעטער בערקע ליגט אויך דאָ ביי מיר, און די מוהמע חנה — אַלע געקענט, אַלע געשטאָרבען, אַלע פיינסטע מענטשען אויסגעשטאָרבען. נישט געבליבען איינער אַ רעכטער, מיינע אויך אַוועקגעשטאָרבען (ער טהוט אַ זיפץ און אַ מאַך מיט דער האַנד). פריהער די קינדער באַגראָבען, אַלע קינדער באַגראָבען, נאָכדעם איז זי אַליין אַוועק־געשטאָרבען, געווען אַ צדיקית, מיר צו לענגערע יאָהר, מיך גע־לאָזט אַליין, אויף דער עלטער. נישט גוט.

— נישט גוט? — פרעג איך איהם.

— נישט גוט — מאַכט ער — נישט גוט, נישטאָ קיין מתים.

— נישטאָ קיין מתים? — זאָג איך.

— נישטאָ קיין מתים. — זאָגט ער.

— מע האָט אויפגעהערט — זאָג איך — שטאַרבען ביי אייך אין כתרילעווקע?

— וואָס איך שייך שטאַרבען? — זאָגט ער. — שטאַרבען שטאַרבט מען, נאָר וואָס? קליינוואַרג, נפל'עך, אָדער קבצנים; וואָס האָט מען פון זיי, משטיינס געזאָגט! צענויפנעמען אויף תכריכים, נאָכ'ן ערשטען קדיש שענקען די יתומים אַ שטיקעל ברויט. וואָס זאָל מען טהון? אַ ברירה האָט מען? (ער טהוט מיר אַ ווייז מיט דער אויסגעטריקענטער האַנד אויף די וויינענדיגע ווייבער). אָט ליגען ווייבער אויסגעצויגען, ווי די שררה'טעס, אויף די קברים. וואָס האָט מען פון זיי? וויינען זיך אַז ווי די פויקען, וואָס אהרט דאָס זיי? עס קאָסט זיי געלט? געה פיהר זיי, ווייז זיי, וואו

ליגט דער טאַטע, וואו ליגט די מאַמע? וואו ליגט דער פעטער, וואו ליגט די מוהמע? זייער טאַטענס משרת! עס מאַכט זיך, איינע ווײנט אַזוי לאַנג, ביז זי פאַלט גאָר חלשות, באַדאַרף מען זי נאָך מינטערן, געבן אַ טרונק וואַסער, און אַ מאָל — אַ שטי־קעל ברויט אויך. פון וואַנען? פון וואָס? די גרויסע מחיה? אַז קיין מתים איז נישטאָ, און לעבן דאַרף מען, און חתונה מאַכן איין אייניקעל אַ יתומה'לע, שוין אַ מיידעל אין די יאָהרען, דאַרף מען אויך; געווען אַ חתן, שוין כמעט געהאַלטען ביי אַ שידוך טהון, דוקא נישקשה פון אַ יונגענמאַן, אַ פאַקענטרעגער, איין אַלמן אפילו, מיט קינדער עטליכע, נאָר אַ בעל־פּרנסה, אַ שענער פאַרדיע־נער, דאָס הייסט, אַז ער לייזט, פאַרדיענט ער. חתן־כלה זיך שוין אפילו אָנגעקוקט אויך; געקומען צו עפּים, שוין געהאַלטען ביי תנאים שרייבען, זאָגט ער: „נו, און וואָס הערט זיך מכח נדן?" זאָג איך: „וואָסער נדן?" זאָגט ער: „מע האָט דאָך מיר גע־זאָגט, אַז איהר גיט אַ פופציגער נדן". זאָג איך: „אַלע בייזע חלומות אויף מיינע שונאים'ס קעפּ! אַ פופציגער? ווי קומט צו מיר פופציגערס? איך וועל געהן גנב'ענען, צי אויסגראָבען פרעמדע תכריכים ביי מיר פון די קברים און פאַרקויפען?"... הקיצור הדבר, דער שדוך איז געוואָרען אויס שדוך. און געה רעד מיט זיי, מיט די כתרילעווקער בעלי־בתים, זענען זיי נאָך גערעכט; זיי זאָגען: „רב אריה, איהר זינדיגט, איהר האָט, קיין עין־הרע, אַ פּרנסה אין האַנט"... אַ שענע פּרנסה! אַז וואו ס'איז געווען ערגיץ אַ לייטישער מת, אַ פיינער מענטש, אַ שטיקעל נגיד, איז ער שוין לאַנג געשטאַרבען, און קיין פרישע קומען נישט צו, נישטאָ קיין מתים! נישטאָ!

# פערבענגט אַהיים

---

נישטאָ איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפון נישט וויסען אין כתרילעווקע; נישטאָ איין נייעס אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפון נישט געוואָהר ווערען ביי די קליינע מענשעלעך.

אמת, אז עס קומט אַן אהין, קומט דאָס אַן שוין אַביסעל שפּעטליך און נישט פון דער ערשטער האַנד — נו, וואָס זשע איז? איין אומגליק אַ גרויסער? אדרבה, מיר דאַכט, אז ס'איז גאָר אַ מעלה, די גרעסטע מעלה.

וואָרום, צווישען אונז רעדענדיג, וואָס האָבען, אשטייגער, די כתרילעווקער אידען צו פערלירען, אז זיי וועלען געוואָהר ווערען די היינטיגע נייעסען, די בשורות טובות, ישועות ונחמות, וואָס לאָזען זיך הערען אויף דער וועלט, חלילה וחס, שפּעטער מיט אַ חודש אָדער מיט צוויי, און אפילו מיט אַ יאָהר שפּעטער? — אַ גרויסער אומגליק!

הקיצור, די כתרילעווקער קליינע מענשעלעך זענען געוואָהרע געוואָרען, — אפילו אביסעל שפּעטליך — אז ס'איז דאָ אַ וואָרט, וואָס הייסט צ י ו נ י ז ם.

תחילת האָט ניט יעדער פערשטאַנען אקוראַט וואָס איז די טייטש „ציוניזם". שפּעטער, אַז מע האָט אָנגעשמעקט אין כתרילעווקע דעם פּשט פון „ציוניזם", אז עס נעמט זיך פון „ציון" וואָס אין סדור, און אז ציוניסטען איז אַזאַ מין חברה, וואָס האָבען חשק איבערפעקלען אלע אידען קיין ארץ־ישראל, איז גע־

ווארען אין שטאָדט, וואס זאָל איך איך זאָגען? — חוכא וטלולא!
מע האָט זיך געהאַלטען ביי די זייטען. זייערע געלעכטערען,
מיין איך, האָט מען בעדאַרפט הערען פאר א מייל, און די גלייכ־
ווערטלעך, וואס זענען געפלויגען אויף רב הערצל דעם דאָקטאָר,
אויף דעם דאָקטאָר נאָרדען און אויף אַלע איבעריגע דאָקטוי־
רים, וואָלט כדאי געווען, כלעבען, מ'זאָל זיי צענויפזאמלען,
פערשרייבען און ארויסגעבען בעזונדער אין א ביכעל; איך בין
אייך ערב, אז עס געפינט זיך אין זיי א סך מעהר זאַלץ און א סך
מעהר פעפער, ווי אין יענע לאַקריץ־זיסע ווערטער און קלוגע רעד,
וואס מע דרוקט זיי אַלע יאָהר אין די לוחות אויף דער צווייטער
זייט...

א מעלה האָבען די כתרילעווקער לייט, אז כל־זמן זיי לאַ־
כען — לאַכען זיי, נאָר אז זיי לאַכען זיך גוט אָן, הויבען זיי ערשט
דעמאָלט אָן צעקייען די זאַך נאָך א מאָל און נאָך א מאָל און
הויבען אָן צו פערשטעהן. אזוי איז געווען אויך מיט'ן ציוניזם.
פריהער האָט מען געלאַכט, געמאַכט חוזק, געזאָגט ווערטלעך;
נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבען זיך צוהערען, וואס מע רעדט און
וואס מע שרייבט אויף די בלעטער, איבער'חזר'ען און איבער־
קייען „נאָך א מאָל דאס אייגענע ווידער צוריק", און שפּעטער,
אז מע האָט דערהערט שמועסען עפּיס פון א באַנק, א אידישע
באַנק מיט אידישע אַקציעס, און וויבאַלד אַקציעס, איז דאָך,
אַפנים, די משמעות, אז מע רעדט עסק, „געשעפט", „לשון
געלד", — און מיט געלד וואס קאָן מען היינטיגע יאָהרען נישט
אויספיהרען אויף דער וועלט? ובפרט נאָך ביי'ם טערק מיט
דער רויטער יאַרמעלקע, וואס איז אַליין אויך א גוטער כתרילי־
גלייך מיט אַלע כתרילעווקער? און פון דעמאָלט אן האָט מען זיך גע־
נומען אין כתרילעווקע צום ציוניזם גאַנץ געשמאַק. די כתרילעווקער
זענען, ברוך השם, אזעלכע לייט, וואס איהר פועל'ט ביי זיי וואס
איהר ווילט. דאס, וואס נעכטען האָט זיך זיי געדאַכט קרום
ווי א קאָטשערע און שווער כקריעת ים־סוף, איז ביי זיי היינט

גלייך, וואָס גלייכער קאָן שוין גאָר ניט זיין, און גרינג ווי אויפ־עסען אַ בייגעל, אָדער אויסרויכערען אַ פּאַפּיראָס. אָפּקויפען בײ׳ם טערק ארץ־ישראל — וואָס קאָן נאָך זיין גרינגער דערפון? וואָרום לאָמיר זיך ניט נאַרען, אין וואָס קאָן דאָ זיין די מניעה? געלד איז דאָך ניט שייך צו זאָגען; וואָס פאַר אַ ראָלע שפּיעלט ביי אונז געלד? איין ראָטשילד (ער זאָל נאָר וועלען) קאָן ער דאָך אָפּקויפען גאַנץ ארץ־ישראל מיט סטאַמבול און מיט׳ן טערק אינאיינעם. פאַר׳ן מקח איז אודאי נישטאָ וואָס צו זאָרגען זיך. ס׳איז דאָך עפּיס אַ געשעפט, וועט מען זיך דינגען; ממה־נפשך, אַ רענדעל אַראָפּ, אַ רענדעל אַרויף. בלייבט איבער נאָר איין זאַך: באַשר וואָס? טאָמער וויל ער ניט פערקויפען? עט, נאַריש־קייטען! פאַר וואָס זאָל ער ניט וועלען? והשנית, מיר זאָלען וועלען זיך גוט אויסרעכענען, זענען מיר דאָך מיט איהם שטיקלעך אייגענע גאָר — ניין, טאַקי גאַנץ נאָהענטע קרובים, אמת׳ע שני שבשלישים, אידען און טערקען, יצחק און ישמעאל...

קיצור הדבר, מע האָט געמאַכט איין אסיפה און די אַנדערע און די דריטע — ס׳איז געוואָרען מיט גאָט׳ס הילף אַ „חברה“, און מע האָט געקלויבען „טשלענעס“, אויסגעוועהלט אַ פּרעזידענט, אַ וויצעפּרעזידענט, אַ קאַזנאַטשיי און אַ סעקרעטאַר און אַ קאָ־רעספּאָנדענט, גלייך ווי אין אַלע לייטישע שטעדט; און איטלי־כער האָט זיך פערשריבען שקל־געלד, ווער אַ קאָפּיקע און ווער צוויי קאָפּיקעס אַ וואָך. יונגע לייט האָבען געהאַלטען פלאַם־פייערדיגע „רעדעס“, געזאָגט זעהר שענע דרשות. די ווערטער „ציון“, „ציוניזם“, „ציוניסטען“ האָבען זיך געלאָזט הערען העכער און העכער. די נעמען „דאָקטאָר הערצל“, „דאָק־טאָר נאָרדוי“ און די איבעריגע דאָקטוירים האָבען זיך געלאָזט הערען אָפטער און אָפטער. „טשלענעס“ זענען געוואָרען וואָס ווייטער מעהרער און מעהרער, און געלד האָט זיך אויך צענויפ־געקלויבען אַהיבשע פּוטיקע, — האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אסיפה און מע האָט זיך אָוועקגעזעצט בעקלערען, וואָס טהוט

מען מיט'ן געלד: צי מע זאָל דאָס קאַפּיטאַל דערווייל איבער־לאָזען דאָ אויפ'ן אָרט, מאַכען אַ בעזונדערען „פאָנד" פאַר די כתרילעווקער ציוניסטען, צי מע זאָל דאָס אָפּשיקען אין צענטער אַריין, צי מע זאָל נאָך אַביסעל צו־וואַרטען, ביז עס וועט זיך צענויפקלויבען אַ היבשע סומע, און די שטאָדט וועט ווערען איין אַקציאָנער פון דער אידישער באַנק.

די דאָזיגע אַסיפה איז געווען, קאָן מען זאָגען, איינע פון די הייסע שטורעמדיגע אַסיפות אין כתרילעווקע. די דעות האָ־בען זיך צעטיילט: אַ סך זענען געשטאַנען פאַר'ן „צענטער", געזאָגט: מיר זענען מחויב אונטערצוהאַלטען דעם „צענטער", וואָרום אַז מיר וועלען ניט אונטערהאַלטען דעם „צענטער", און איהר וועט ניט אונטערהאַלטען דעם „צענטער", — פון וואַנען זשע וועט ער ציהען חיונה?... אַנדערע האָבען געדרונגען פער־קעהרט, אַז דער „צענטער" וועט זיך בעגעהן אָהן כתרילעווקע: „מיר זענען נישט מחויב פאַרזאָרגען די גאַנצע וועלט; עמיצער זאָרגט זיך דען פאַר כתרילעווקע? לאָז זיך יעדער אין זינען האָבען זיך — וועט אויך זיין געגוג"...

איז אויפגעשטאַנען דער פּרעזידענט, נח רב יוסילע'ס, אַ נגיד'ס איין איידעם און אַ יונגערמאַן אַ משכיל, נאָך גאָר אָהן אַ באָרד, און האָט געזאָגט עטליכע וואַרעמע ווערטער:

— „פיער טויזענד יאָהר — אַזוי האָט נח דער פּרעזידענט אָנגעהויבען און האָט גענומען אַביסעל צו אַ הויכען טאָן — פיער טויזענד יאָהר, אַז מע קוקט אויף אייך פון דער הויך פון די דאָ־זיגע פּיראַמידען!" מיט די דאָזיגע ווערטער האָט זיך אַמאָל געווענדעט דער גרויסער נאַפּאָלעאָן צו זיין גוואַרדיע, בשעת ער איז געגאַנגען איינגעמען מצרים. כמעט מיט די דאָזיגע ווערטער ווילט זיך מיר אָנהויבען מיין הייגטיגע רעדע צו אייך, נאָר אַבי־סעלע אַנדערש: שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר, ברידער, אַז מיר געפינען זיך... נישט אויף דער הויך פון די פּיראַמידען, נאָר טיעף, נייען איילען אין דער ערד. שוין באַלד צוויי טויזענד

יאָהר, אַז מיר קוקען אַרויס... נישט אויף אונזער „גוואַרדיע", נאָר אויף משיח'ן, ער זאָל קומען אונז אויסלייזען פון גלות און אונז ברענגען אַהין, אינ'ם לאַנד פון אונזערע אָבות, קיין ארץ־ישראל... שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר, אַז מיר פאַסטען אַלע שבעה עשר בתמוז, עסען נישט קיין פלייש אין די נייען טעג, און קומט תשעה־באָב, זעצען מיר זיך אין די זאָקען אויף דער ערד, וויינען און קלאָגען אויף חורבן בית־המקדש... שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר, אַז מיר דערמאָנען זיעבען און זיעבעציג מאָל אַ טאָג ציון און ירושלים — און פרעגט: וואָס האָבען מיר געטהאָן פון ציונ'ס וועגען און פון ירושלים'ס וועגען?

איין עבירה, כלעבען, וואָס ס'איז אין כתרילעווקע נישטאָ קיין סטענאָגראַף, וואָס זאָל געוועז קאָנען זיין אויף יענער אסיפה און פערשרייבען די אויסגעצייכענטע רעדע פון נח דעם פרעזידענט אות באות, ווי עס פיהרט זיך אין לייטישע שטעדט. מיר מוזען זיך דעריבער בעגנוגענען נאָר מיט די עטליכע ווערטער, וואָס מיר האָבען געבראַכט על־פי זכרון, און ברענגען דעם סוף פון דער דאָזיגער טאַלאַנטפולער רעדע אין קורצען:

— אַצינד — אַזוי האָט נח דער פרעזידענט אויסגעלאָזט זיין דרשה, און דער שוויים האָט גערונען פון איהם טייכענווייז — אַצינד, אַז מיר האָבען זוכה געווען צו דערלעבען אַזאַ צייט, אַז דער אַלטער קראַנקער ישראליק האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פונ'ם שלאָף, ער גלייכט זיך אויס די אויסגעמוטשעטעביינער זיינע, קוקט זיך אַרום וואו ער איז אין דער וועלט, און זאָגט „בית־יעקב לכו ונלכה — קומט, קינדער, לאָמיר געהן!" — באַדאַרפען מיר, רבותי, זיך נישט פאַרלאָזען אויף קיינעם, נישט אַרויסקוקען אויף קיין נסים און נישט פאַרלאָזען זיך אויף אונזערע גרויסע, וואָרום אַז איהר וועט זיך פאַרלאָזען אויף די גרויסע, וועט איהר מעגען וואַרטען. ס'איז אַ סך גרינגער צו גע'הרג'עט ווערען פון אַ דונער, איידער אויסרייסען ביי אַ גביר אַ קערבעל אויף ציון. אַליין, אַליין באַדאַרפען מיר אָנהויבען צו בויען אונזער גרויסען בנין: אם אין אני

לי — יחי לי?... אודאי מעגען מיר זיך איבערנעמען, אז מיר האָבען דערלעבט אזא .צייט, אז אידען זאָלען גאָר האָבען אַ השנה צו רעדען פון איין אייגענער אידישער באַנק! אודאי באַדאַרפען מיר זעהען, אז כתרילעווקע זאָל ניט אָפּשטעהן פון אַנדערע שטעדט און כתרילעווקער אידען זאָלען אויך האָבען אַ חלק אין אונזער „אייגענער אידישער באַנק"! איך מוז אייך אָבער זאָגען, רבותים, אז לויט די חשבונות, וואָס אונזער קאַזנאַטשיי וועט אונז דאָ באַלד פאָרשטעלען, האָבען מיר נאָך נישט די גאַנצע סומע אויף צו בעצאָהלען אפילו פאָר איין אַקציע. עס פעהלט אונז נאָך כמעט העכער האַלב, דאָס הייסט, אַ פינף־זעכס קאַרבען. לכן איז אַ יושר, ברידער, איהר זאָלט זיך אָנטהון אַ כח טאַקי דאָ אויפ'ן אָרט און טאַקי באַלד צעד־נויפלעגען זיך, איטליכער וויפיעל ער קאַן, און זעהען, סע זאָל נוערען די גאַנצע סומע, צעהן רובעל, גאָר אַהן אַ שום תירוץ!... און לאָזען אונזערע ברידער אויף דער גאַנצער וועלט וויסען, אז אין כתרילעווקע זענען אויך פאַרהאַן ציוניסטען, וואָס סע ברענט אין זיי דאָס הייליגע פייערעל פון ציון, און לאָז דער דאָקטאָר הערצל זעהען, אז זיין האַרעוואַניע פון אונזערטוועגען איז חאָטש ניט אומזיסט!...

* * *

פליעסקען מיט די הענד און שרייען „בראַוואָ" — דערפון ווייסט מען נאָך נישט אין כתרילעווקע — און דאַנקען גאָט, וואָס מע ווייסט נאָך נישט. דער געפילדער מיט'ן געשריי איז אַזוי אוין געווען גרוים; מע זאָל נאָך דערצו דאַרפען פּאַטשען מיט די הענד און שרייען „בראַוואָ", וואָלט מען גאָר טויב גע־וואָרען, צו אַלדי שווארצע יאָהר. דאַרטען, אז עס געפעלט עמי־צענס אַ וואָרט, גיעהט מען צו און מע גיט איהם איבער דער פלייצע.

— וואָס זאָגט איהר אויף אונזער פּרעזידענט? הא?

— אַ פיסק — דער רוח זאָל איהם נעמען!

— און אַ קענער! ער האָט ראַד אויסגעמישט קאַשע מיט באָרשט, גמרא און ספרים און אַלע ביכער...

— מע באַדאַרף האָבען אַ קאָפּ פון אַ קלויסטער, מע זאָל דאָס אַלסדינג געדענקען אויסווענינ!

— בהמה! יענער זיצט טאָג ווי נאַכט און קוקט אין די ביכער אריין!

בקיצור, ס'איז געבליבען, מע זאָל אויסשרייבען איין אַקציע. נאָר ס'איז גרינג צו זאָגען „אויסשרייבען איין אַקציע". ווי קומט די קאַץ איבער'ן וואַסער, אַז אידען ליגען ערגיץ פערשטעקט אין אַ לאַך, אין כתרילעווקע, און די אידישע באַנק איז ערגיץ ווייט איך וואו, אין לאָנדאָן? האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה: בריוולעך; בריוולעך אהין, בריוולעך אהער. שמעיה דער סעקרעטאר און דער קאָרעספּאָנדענט פון די כתרילעווקער ציוניסטען האָט זיך אָפּגעשריבען, ווי מע זאָגט, אַלע פינגער, ביז ער האָט בעקומען אַ קלאָרע ידיעה, וואוהין און ווי אַזוי מע בעדאַרף שיקען דאָס געלד. נאָכדעם, אַז ער האָט שוין גוט געוואוסט וואוהין און ווי אַזוי מע בעדאַרף שיקען דאָס געלד, האָט ער געהאַט אויף זיך אַ נייעם אומגליק — דעם כתרילעווקער פּאָסטמייסטער. דער בעקאַנטער כתרילעווקער פּאָסטמייסטער, אַ גראָבער פריץ, און אַ גרויסער מפונק, קאָן נישט איבערטראָגען דעם ריח פון קנאָבעל (חאָטש קנאָבעל ביי'ם עסען האָט ער אַליין ליעב דאָס חיות!). אַז עס קומען אריין צוויי איבעריגע אידען אויף דער פּאָסט, האַלט ער זיך ביי דער נאָז, שרייבט און לייענט:

— שלום... שליאָמקאָ... טשעסנאָק...

אַז שמעיה האָט איהם דערלאַנגט דעם פּאַקעט, האָט ער איהם אַ שמייץ געטהאָן צוריק אין פּנים אריין: ס'איז ניט אַזוי געשריבען דער קאָנווערט, ווי מע בעדאַרף. דאָס אַנדערע מאָל האָט ער איהם אַ שמייץ געטהאָן אין פּנים אריין: ער זאָל געהן ברענגען טריוואָכס. דאָס דריטע מאָל האָט ער שוין ניט געהאַט צו וואָס זיך צו טשעפּען, האָט ער בעטראַכט דעם פּאַקעט פון אַלע

זייטען, גענומען שמעלצען דעם טריעף און לעגען חתימות, און בשעת מעשה א פרעג געטהאָן שמעיה'ן, נישט קוקענדיג איהם גלייך אין פנים אריין: „וואָס פאר געשעפטען האָט ער מיט לאָנדאָן, וואָס ער שיקט אהין געלד?" האָט זיך אונזער שמעיה קאָרעספאָנדענט, אפנים, ארויסגעחאפט, צי אפשר האָט ער געוואָלט זיך בעריהמען פאר'ן פאָסטמייסטער (אלע קאָרעס־פאָנדענטען זענען גרויסע בעריהמער!):

— דאָס געלד — מאַכט ער — געהט גלייך אין אונזער אייגענער אידישער באַנק אריין...

האָט דער פאָסטמייסטער א קוק געטהאָן אויף שמעיה'ן. ווי פער'חדוש'ט:

— זשידאָווסקע באַנק? ווי קומט צו אידען א באַנק?

איז זיך מיישב שמעיה: אז דו ביזט יאָ אזא צורר היהודים, וועל איך דיר ווייזען וואָס הייסט „זשידאָווסקא באַנק"! און געהט און דערצעהלט איהם פזמונות מיט גוזמאות (אלע קאָרעס־פאָנדענטען האָבען ליעב מגזם זיין!), אז די אידישע באַנק איז די ערשטע באַנק אין דער וועלט. זי פערמאָגט צוויי הונדערט טויזענד מיליאָן פונט שטערלינג ריין גאָלד. אויף אונזער געלד איז דאָס אזא סומע, וואָס ס'איז שווער אויסצורעכענען, מחמת א פונט שטערלינג בעטרעפט אויף אונזער געלד כמעט א הונ־דערטער...

רופט זיך אָן צו איהם דער פאָסטמייסטער, און טהוט א לעק די חתימה מיט דער צונג און א קוועטש איבער'ן צעלאָזטען טריעף:

— מאָהל דיר, דאָס לייגסט דו שוין, ווי א הונט! א פונט שטערלינג איז קוים צעהן קערבלעך.

— דאָס איז א פראָסטער פונט שטערלינג, — וויל זיך שמעיה פערענטפערען — און א גילדענער פונט באַטרעפט א סך מעהר!

— פשאָל וואָן, דוראַק! — זאָגט צו איהם דער פאָסט־מייסטער מיט א געלעכטער — ווענען דערצעהלסט דו מעשיות?

אַ איך מוז דיר זיין אַ מאַשעניק! אַ איך מוז עמיצען אַפּנאַרען! ס'זאָל זיין איין אַנדערער אויף מיין אָרט. וואָלט ער דיר מכות צוגענומען דיין פּאַקעט! דו ווייסט, אַז איך האָב רעכט אַרעס־טירען דיין פּאַקעט מיט דיר און מיט אייער גאַנץ „קהל" אינאיינעם דערפאַר, איהר זאָלט ניט אַריבערשיקען אונזער געלד קיין לאָנ־דאָן? מיר וועלען האַרעווען, אַקערען מיט דער נאָז די ערד, און די אידעלעך וועלען קומען צו געהן אויפ'ן גרייטען פּרעסען און זויפען און נאָך נעמען און אַריבערפּעקלען אונזער געלד דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואוהין, אין אַ „זשידאָווסקע באַנק" !...

שמעיה האָט שוין געזעהן, אַז ער האָט אַנגעאַרבייט אַ גוטע חתונה, האָט ער אָנגענומען אַ פולע מויל און האָט אָפּגעשוויגען, ווי אַ קעצעלע. ער וואָלט אָפּגעגעבען איצטער מי יודע וויפיעל, ער זאָל קאָנען נעמען צוריק די ווערטער, — ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעטליך (אַ סך קאָרעספּאָנדענטען וואָלטען אפשר וועלען צו־ריקנעמען זייערע ווערטער מיט זייערע קאָרעספּאָנדענציעס, וואָס זענען פול מיט שקרים וכזבים, נאָר בלאָטע! צוריק חאַפּט מען נישט!). אונזער כתרילעווקער קאָרעספּאָנדענט איז געהרען גע־ווען, אַז ער האָט אָפּגענומען דעם „רעצעפּיס" און איז אַוועק פון דער פּאָסט, ווי איין אָפּגעשמיסענער.

אַוועקגעשיקט דאָס געלד, האָבען די כתרילעווקער ציוניסטען אָנגעהויבען אַרויסקוקען אויף דער אַקציע פון טאָג אויף טאָג. ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ חודש און צוויי חדשים און דריי חדשים און פיער חדשים — נישטאָ נישט קיין געלד, נישט קיין סחורה! האָט מען זיך אַ נעם געטהאָן צום סעקרעטאַר, צום קאָרעספּאָנ־דענט הייסט דאָס, טאָמער האָט ער ניט אַהין געשיקט דאָס געלד, וואו מע בעדאַרף, אָדער טאָמער האָט ער ניט אַזוי געשריבען דעם אַדרעס, ווי עס געהער צו זיין — שמעיה האָט נעבאַך געהאַט צו זינגען און צו זאָגען; לאַ־די ער האָט נישט אויפגעהערט צו שרייבען בריוולעך אין קאָמיטעט, אין צענטער און אין לאָנדאָן, האָט ער נאָך בעדאַרפט אויסשטעהן די טענות פון די כתרילעווקער

ליים מיט זייערע ווערטלעך, וואָס האָבען איהם געשטאָכען אין דער זיבעטער ריפּ... פאַר די מתנגדים, דאָס הייסט, פאַר די עהרליכע, פרומע אידען און די חסידים, וואָס האַלטען נישט מיט'ן ציוניזם, איז דאָס דערוויל געווען אַ שטיקעל עסק: — „מיר האָבען דען נישט געוואוסט פריהער, אַז עס וועט אַזוי זיין? — האָבען זיי געזאָגט און געריימט זיך מיט די ציוניסטען. — מיר האָבען אייך דען ניט געזאָגט, אַז מע וועט נאָר אויסנאַרען די עטליכע גילדען, און געה לאָך מיך צום ונתנה־תוקף?"...

האָט גאָט רחמנות געהאַט אויף אונזער קאָרעספּאָנדענט און ס'איז איהם אָנגעקומען איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען אַ בריעף פון לאָנדאָן, אַז די אַקציע, וואָס ער האָט אויסגעשריבען, איז שוין דאָ, דאָס הייסט, נישט ד'אָ, אין כתרילעווקע, נאָר אויף דער גרעניץ; מע בעדאַרף זי נור אָפּשטעמפּלען.

עס איז ווידער אַוועקגעגאַנגען אַ חודש און צוויי חדשים און דריי חדשים און פיער חדשים — נישטאָ קיין אַקציע! האָבען חברה גענומען עסען דעם סעקרעטאַר: וואו איז דיין אַקציע? נאָך שטעמפּעלט מען זי?... און האָבען איהם ניט געזשאַלעוועט קיין שטעכווערטלעך, ווי דער שטייגער איז. איהם נעבאָך איז דאָס שטעמפּלען גוט געלעגען אין האַרצען, נאָך מעהר ווי די אַקציע אליין; ער האָט פונ'ם שטעמפּלען שיער געשפּיגען מיט בלוט. האָט ער פערקאָטשעט די אַרבעל און האָט זיך גענומען איבער־אַנייעס שרייבען בריוולעך בכל תפוצות ישראל. „היתכן? — האָט ער געשריבען. — הישמע כזאת? מע זאָל אַזוי לאַנג האַל־טען איין אַקציע און שטעמפּלען זי? מע זאָל זי, דאַכט מיר, בעדאַרפען אָפּשטעמפּלען מיט צעהנטויזענד שטעמפּלען, וואָלט זי שוין אויך בעדאַרפט זיין לאַנג אָפּגעשטעמפּעלט!"... און דער חברה ציוניסטען האָט ער געזאָגט אַלע טאָג:

— ממה נפשך, איהר האָט געוואַרט אַזוי פיעל, וועט איהר וואַרטען נאָך אַביסעל; אַזוי לאַנג, ווי עס האָט געדויערט, וועט שוין געוויס ניט געדויערען...

און כך הוה: עס האט נישט געדויערט קיין נייען חדשים אפילו, איז אנגעקומען א פּאַקעט אויף רב יוזיפּיל דעם רב'ס נאָמען (אונזער קאָרעספּאָנדענט האט נישט געוואָלט האבן צו טהון מיט'ן פּאָסטמייסטער). און אז ס'איז אנגעקומען דער פּאַקעט, האט מען צענויפגערופען איין אסיפה. פון אלע טשלענעם טאַקי ביי רב יוזיפּיל דעם רב אין שטוב, און אזוי ווי אלע אידען, און כתרילעווקער אידען אודאי און אודאי, האבען אומעטום און אלע מאָל קיין צייט ניט און איטליכער וויל תמיד זיין דער ערשטער, איז קיין חדוש ניט, וואָס מע האט זיך געשטופּט און געקוועטשט איינס דאס אנדערע, געקראָכען איינער דעם אנדערען אויף די קעפּ, געריסען איינער ביי'ם אנדערען פון די הענד און בעטראַכט די אידישע אַקציע פון „אונזער אייגענער אידישער באַנק".

לאַנג־לאַנג האבען די כתרילעווקער ציוניסטען זיך געשפּיע־געלט אין דער אידישער אַקציע פון „אונזער אייגענער אידישער באַנק", תחילת געזיפצט און נאָכדעם געזאָגט איטליכער בעזונדער איין אנדער המצאה: ס'איז געוואָרען עפּים אביסעל פרייליכער, עפּים לעבעדיגער, ליכטיגער אויף דער נשמה, ווי איינער וואָס וואַל־גערט זיך אין דער פרעמד, בענגט אהיים, קוקט ארוים אויף א ידיעה, און פּלוצים נעמט ער אָפּ זעהר, זעהר א גוטען גרוס פון דער היים. ס'איז אי פרייליך, אי עס ציהט דאס הארץ; עס גלוסט זיך געהן טאַנצען, און טאַקי אביסעל זיך אויסוויינען אין איינוועגם...

שפּעטער, אז דער עולם האט זיך גוט אנגעקוקט, האט רב יוזיפּיל דער רב, וואָס האט פיינט שטופּען זיך אויבען־אָן, חאָטש ער איז רב, א זאָג געטהאָן:

— אנו, ווייזט נאָר אהער?

און ער האט זיך אנגעזאָטעלט מיט א פּאָר ברילען, געקוקט, געקוקט, פּאָוואָלינקע בעטראַכט פון אלע זייטען די „אידישע אַקציע פון אונזער אייגענער באַנק", און דערזעהען אידישע אותיות, גע־דרוקט אויף לשון־הקודש, האט ער אנגעטהאָן דאס שבת'דיגע היטעל, געמאַכט א ברכה „שהחיינו". און ווידער א מאָל געקוקט

און געקוקט אין דער אקציע אריין, און דאס פנים האט איהם אנ־
געהויבען ווערען עפּיס ווי מרה־שחורה'דיג, און מע וואלט געמעגט
שווערען, אז עס האבען זיך איהם געשטעלט טרערען אין די אויגען.

— רבי! וואס זארגט איהר זיך? — האט מען איהם א
פרעג געטהאן. — מע באדארף זיך פרייהען, טאנצען באדארף מען
געהן, צום סוף... ווי קומט דאס צו אייך?...

רב יוזיפיל דער רב האט נישט באלד געענטפערט. ער האט
ארויסבעקומען ערגיץ פון א קעשענע, וואס הינטען אין דער קאפא־
טע, כמעט ביי די פאלעס, א משונה־מאדנע פעטשיילע, האט אויס־
געשנייצט כלומרשט די נאז, נאר אין אמת'ען מיין איך, אז ער
האט א וויש געטהאן די אויגען, און א זאג געטהאן מיט א זיפץ
און מיט זעהר, זעהר איין אנגענראכען קול:

— כ'הא' מיך פארבענגט אהיים...

# ווען איך בין רויטשילד

(אַ מאָנאָלאָג פון אַ כתרילעווקער מלמד).

---

— ווען איך בין רויטשילד, — האָט זיך צעלאָזט אַ כתרי־לעווקער מלמד איינמאָל אין אַ דאָנערשטאָג, בעת די רבי'צין האָט איהם געמאָנט אויף שבת און ער האָט ניט געהאַט, — אוי, ווען איך זאָל זיין רויטשילד! טרעפט, וואָס איך טהו? ראשית חכמה, פיהר איך איין אַ מנהג, אַז אַ ווייב זאָל תמיד האָבען ביי זיך אַ דרייערל, בכדי זי זאָל פאַרשפּאָרען דולען אַ ספּאָדיק, אַז סע קומט דער גוטער דאָנערשטאָג און ס'איז ניטאָ אויף שבת... והשנית, קויף איך אויס די שבת'דיגע קאַפּאָטע, אָדער ניין — דעם ווייב'ס קעצענעם בורנוס — לאָז זי אויפהערען פּיקען אין קאָפּ אריין, אַז ס'איז איהר קאַלט! און קויף אַוועק די דאָזיגע שטוב אינגאַנצען מיט אַלע דריי חדרים, מיט דער קאַמער, מיט דער שפּייזאַרני, מיט'ן קעלער, מיט'ן בוידעם, מיט הכל בכל מכל פּלע־קעל, — לאָז זי ניט זאָגען, אַז ס'איז איהר ענג; נאַ דיר אַוועק צוויי חדרים, קאָך דיר, באַק דיר, וואַש דיר, בראָק דיר, און לאָז מיך צורוה, איך זאָל קאָנען קנעלען מיט מיינע תלמידים מיט אַ ריי־נעם קאָפּ! נישטאָ קיין דאגות פרנסה, מע באַדאַרף נישט קלערען. וואו נעמט מען אויף שבת — מחיה נפשות! די טעכטער אַלע חתונה געמאַכט, אַראָפּ אַ האַרב פון די פּלייצעס — וואָס פעהלט מיר? הויב איך מיך אָן אַרומקוקען אַביסעל אויף דער שטאָדט. דאָס ערשטע בין איך מנדר אַ נייעם דאַך אויפ'ן אַלטען בית־

המדרש, לאז אויפהערען קאפען אויפ'ן קאפ, בשעת אידען דאווענען; און, להבדיל, דאס מרחץ בוי איך איבער אויפס־נייע, ווארום ניט היינט־מארגען — עס וועט דארט מוזען זיין איין אומגליק, חס ושלום, טאמער פאלט דאס אוים אקוראט בשעת נשים באדען זיך. און וויבאלד דאס באד, מוז מען שוין דאס הקדש אודאי צעווארפען און אנידערשטעלען א „בקור־חולים", אבער טאקי וואס א בקור־חולים הייסט, מיט בעטלעך, מיט א דאקטאר, מיט רפואות, מיט ייכלעך אלע טאג פאר די חולאים, ווי עס פיהרט זיך אין לייטישע שטעדט. און א „מושב־זקנים" שטעל איך אוועק, אלטע אידען לומדים זאלען זיך ניט וואלגערען אין בית־המדרש ביי דער הרובע. און א חברה „מלביש־ערומים", ארעמע קינדער זאלען גיט ארומ־געהן, איך בעט איב'ער אייער כבוד, מיט די פופקעס אין דרויסען, און א חברה „גמילות־חסדים", אז איטליכער איד, סאי א מלמד, סאי א בעל־מלאכה, סאי א סוחר אפילו זאל פארשפארען צאהלען פראצענט, נישט דארפען פאר'משכונ'ען דאס העמד פונ'ם לייב, און א חברה „הכנסת־כלה", אז וואו ערגיץ איין ארעם מיידעל, נעבאך א דערוואכסענע, זאל מען זי אויסקליידען, ווי עס געהער צו זיין, און חתונה מאכען, און נאך כדומה אזעלכע חברות פיהר איך איין ביי אונז אין כתרילעווקע... נאר וואס איז שייך עפיס דוקא נאר ביי אונז אין כתרילעווקע? אומעטום, וואו עס געפינען זיך נאר אחינו בני ישראל, פיהר איך איין אזעלכע חברות, אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט! און בכדי עס זאל זיך פיהרען מיט א סדר, ווי עס געהער צו זיין — טרעפט, וואס טהו איך? מאך איך אויף אלע חברות איין חברה א גרויסע, א צדקה־גדולה־חברה, וואס גיט אכטונג אויף אלע חברות, אויף אלע אידען, דאס הייסט, אויף דעם כלל ישראל, אז אידען זאלען אומעטום האבען פרנסה און לעבען אין אחדות און זאלען זי־צען אין די ישיבות און לערנען: חומש מיט רש"י, מיט גמרא, מיט תוספות, מיט מהרש"א, מיט אלע שבע חכמות און מיט אלע שבעים לשון. און אויף אלע ישיבות זאל זיין איין ישיבה א גרויסע

א אידישע אקאדעמיע. אין דער ווילנא געווייגטליך. וואס פון דארטען זאלען ארויסגעהן די גרעסטע לומדים און חכמים אין דער וועלט, און אלסדינג זאל זיין אומזיסט, „על חשבון הגביר". אויף מיין קעשעני, און אלסדינג זאל זיך פיהרען מיט א סדר און מיט א פלאן, עס זאל נישט זיין קיין „געב־מיר־נא־דיר־האפּ־לאפּ", און אלע זאלען אין זינען האבען נאר טובת־הכלל!... און בכדי מע זאל קאנען טראגען אויפ'ן קאפּ דעם „כלל" — וואס דארף מען? דארף מען בעוואהרענען דעם „פרט". און מיט וואס קאן מען בעוואהרענען דעם פרט? געוויינטליך, מיט פרנסה; ווארום פרנסה, הערט איהר, דאס איז דער רעכטער עיקר; אהן פרנסה קאן נישט זיין קיין אהדות; איבער'ן שטיקעל ברויט, משטיינס געזאגט, איז איינער דעם אנדערען יורד לחייו, קאפּאל יענעם קוילען, סמ'ען, הענגען!... אפילו די שונאי ישראל, אונזערע המנ'ס פון דער גאנצער וועלט, מיינט איהר, וואס האבען זיי צו אונז? גארנישט. נאר צוליעב פרנסה. זיי זאלען האבען פרנסה, וואלטען זיי גאר אזוי שלעכט ניט געווען. פרנסה ברענגט צו קנאה, קנאה ברענגט צו שנאה, און דערפון, רחמנא ליצלן, נעמען זיך אלע צרות אויף דער וועלט, אלע אומגליקען, ניט דא געדאכט, מיט אלע רדיפות, מיט אלע הריגות, מיט אלע רציחות און מיט אלע מלחמות...

אוי, די מלחמות, די מלחמות! דאס איז, הערט איהר, גאר א שחיטה פאר דער וועלט! ווען איך בין רויטשילד, מאך איך אוים מלחמות, אבער טאקי לחלוטין אוים!

וועט איהר דאך פרעגען: ווי אזוי? נאר מיט געלט. דהיינו? איך וועל עס אייך געבען צו פארשטעהן מיט א שכל: למשל, צוויי מלוכות צעאמפּערען זיך איבער א נארישקייט דארט, א שטיקעל ערד, וואס איז ווערטה א שמעק טאבאקע; „טערי־טאריע" הייסט עס ביי זיי. די מלוכה זאגט, אז די טעריטאריע איז איהר טעריטאריע, און די מלוכה זאגט: „ניין, ס'איז מיין טעריטאריע". מששת ימי בראשית, הייסט עס, האט גאט באַ־

שאפען אט דאס שטיקעל ערד פון איהר כבוד וועגען. קומט צו געהן א דריטע און זאגט: „איהר זענט ביידע בהמות; די טע־ריטאריע איז אלעמענס טעריטאריע, א ר ש ו ת ה ר ב י ם הייסט עס". הקיצור, טעריטאריע אהער, טעריטאריע אהין, מע „טעריטאריעט" אזוי לאנג, ביז מע הויבט אן שיסען פון ביקסען און הארמאטען, און מענטשען קוילען זיך איינס דאס אנדערע ווי די שאף; און בלוט, בלוט גיסט זיך אזוי ווי וואסער.

אבער אז איך קום צו זיי לכתחילה און זאג זיי: „שאט, ברידערלעך, לאזט אייך דיענען. אין וואס געהט דא ביי אייך, אייגענטליך, דער גאנצער סכסוך? מע פארשטעהט דענן ניט אייער מיין? איהר מיינט ניט אזוי די הגדה. ווי די קניידלעך. טעריטאריע איז דאך ביי אייך נאר איין אויסרעד; דער עיקר איז דאך ביי אייך יענע מעשה, פעטי־מעטי, קאנטריבוציע! און וויבאלד לשון קאנטריבוציע — צו וועמען קומט מען אן מיט א הלואה? צו מיר, צו רויטשילד'ען הייסט עס. אמעהר, ווייסט איהר וואס? נא דיר, איינגלענדער מיט די לאנגע פיס און מיט די קעסטעלדיגע הויזען, א מיליארד! נא דיר, נארישער טערק מיט דער רויטער יארמעלקע, א מיליארד! נא דיר, מוהמע רייזעל, אויך א מיליארד. ממה־נפשך, גאט וועט אייך העלפען, וועט איהר מיר אפצאהלען מיט פראצענט, ניט חלילה קיין גרויסען פראצענט, פיער אדער פינף לשנה. איך וויל אויף אייך ניט רייך ווערען"...

פארשטעהט איהר שוין? אי איך האב געמאכט א' געשעפט, אי מענטשען הערען אויף צו קוילען איינס דאס אנדערע, ווי די אכסען, אומזיסט און אומנישט. און וויבאלד אויס מלחמות, הייסט צו וואס באדארף מען דאס כלי־זיין, מיט'ן חיל, מיט אלע זיבע־צעהן זאכען, מיט'ן גאנצען טארעראם? אייף תשעה נייענציג כפרות! און וויבאלד אויס כלי־זין, אויס חיל, אויס טארעראם, איז דאך אויס שנאה, אויס קנאה, אויס טערק, אויס איינגלענדער, אויס פראנצויז, אויס ציגיינער, אויס איד, להבדיל — די גאנצע וועלט

באקומט גאָר דעמאָלט איין אַנדער פּנים, ווי אין פּסוק שטעהט ביי אונז געשריבען: „ו ה י ה, און עס וועט זיין, ב י ו ם ה ה ו א, דאָס הייסט, אַז משיח וועט קומען!"... (שטעלט זיך אָפּ)

און אפשר, האַ?... ווען איך בין ראָטשילד, קאָן זיין, אַז איך בין גאָר מבטל דאָס געלט. אויס געלט! ווארום, לאָמיר זיך ניט נאַררען, וואָס איז דענן געלט? — געלט איז דאָך, אייגענטליך, נאָר אַ הסכּם, איין איינגערעדטע זאַך. מע האָט גענומען אַ שטיקעל פּאַפּיער, אָוועקגעשטעלט אַ צאַצקע און אָנגעשריבען: „טרי רובליאַ סערעבראָם". געלט, זאָג איך אייך, איז נישט מעהר ווי אַ יצר־הרע, אַ תאוה אַזעלכע, איינע פון די גרעסטע תאוות. וואָס אַלע ווילען דאָס און קיינער האָט דאָס ניט... אָבער אַז סע זאָל לחלוטין גאָר ניט זיין קיין שום געלט אויף דער וועלט, וואָלט דאָך דער יצר־הרע ניט געהאַט וואָס צו טוהן, און די תאוה וואָלט ניט געוועזן קיין תאוה. איהר פאַרשטעהט, צי ניין? איי וואָס? איז דאָך די קשיא, וואו וואָלטען דעמאָלט גענומען אידען אויף שבת? (פערטראַכט זיך אויף אַ ווייל'ע). איז דער תירוץ: למאי וואו וועל איך א י צ ט ע ר נעמען אויף שבת?...

# די יורשים

## א.

„די מאירס מיט די שניאורס"... אייגענטליך, זענען דאָס געווען נאָר  א י י ן  מאיר און נאָר  א י י ן  שניאור, און געווען זענען זיי אַ צווילינג, און אַזוי שטאַרק עהנליך איינס מיט דאָס אַנדערע, אַז עס זענען געווען צייטען, וואָס ס'איז כמעט אוממעגליך געווען צו טרעפען, ווער פון די צוויי איז דאָ מאיר און ווער איז דאָ שניאור.

קינדווייז, דערצעהלט מען, האָט זיך געטראָפען מיט זיי אַ מעשה, מע האָט זיי שיער ניט פערביטען, און אפשר קאָן זיין, אַז מע האָט זיי טאַקי פערביטען. ומעשה שהיה כך היה.

זייער מוטער איז געווען, דאַרפט איהר וויסען, אַ אידינע אַ קליינינטשקע, נעבאַך ניט קיין געזונדע, נאָר זעהר אַ קינדערלדיגע, דאָס הייסט, זי האָט אויף איהר לעבען שטאַרק געקינדערלט; אַלע יאָהר, אַלע יאָהר האָט זי געהאַט אַ קינד. דאָס קינד האָט אָבער ניט מעהר געמוטשעט זיך ווי אַ יאָהר און איז, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַוועקגעקומען. אַזוי לאַנג, ביז זי האָט אויפגעהערט צו קינדלען און האָט געמיינט, ס'איז איין עק. צום סוף — דעם אויבערשטענס נסים! — האָט זי גאָט בעגליקט, אויף דער עלטער שויין, און דוקא מיט אַ פּאָרעל! איז איהר אָבער שווער געווען אַליין אויסזויגען ביידע קינדער, האָט זי נעבאַך געמוזט דינגען אַ צוזויגעריץ. אַ ברירה האָט זי געהאַט? אַ כתרילעווקער איד, ער

מעג זיין ווי אָרעם, וועט ער אויף דער גאַס קיין קינד נישט אַרויס־וואַרפן און אויף פרעמדע הענט דאָס נישט אַוועקגעבן, סיידען חלילה אַ יתום...

בעשטעלט אַ צווויגעריז, האָט די מוטער געגומען זיך מאיר'ן (מאיר איז געווען עלטער פון שניאור'ן אויף אַ גוטע האַלבע שעה), און שניאור'ן האָט זי אַוועקגעגעבן דער אַם. נאָר אַזוי ווי די אַם איז אויך געווען, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ אידינע נישט קיין געזונטע, האָבן ביידע, אי מאיר אי שניאור, געהאַט מכות נישט קיין מילך, און זיי זענען ביידע נעבאַך אויסגעגאַנגען פון הונגער, געשריגען גאַנצע נעכט, זיך געריסן אויף די גלייכע ווענד.

ויהי היום, האָט מען געגומען איינמאָל די קינדער באָדן. געוויינטליך, אין איין מולטער. אויסגעטהאָן זיי די העמדלעך און אַריינגעלעגט זיי ביידען אין היים וואַסער אַריין, זענען ביידע ברעקלעך געוואָרען רויט און אָנגעבלאָזן, ווי פאַחירלעך; עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן פון דעם באָד משונה הנאה געהאַט — אַ איד האָט ליעב אַ באָד... ביידע זויגערינס זענען געשטאַנען איבער דער מולטער און האָבן אונטערגעגאָסן אַלע מאָל פריש וואַסער, און די קינדער האָבן אָנגעקוואָלען, געמאַכט מיט די הענטלעך און מיט די פיסלעך, ווי אַ זשוקעל, האָט איהר געזעהען אַמאָל, אַז מע קעהרט איהם איבער מ'ט'ן בייכעל אַרויף. אָפּגע־באָדען, האָט מען דאָס פּאָרעל אַרויסגענומען, איינגעהילט אין אַ ליילעך (איין ליילעך) און אַריינגעלעגט אין בעט אַריין (אין איין בעט אַריין), זיי זאָלען זיך אַביסעל אָפּטריקענען. און אַז ס'איז געקומען צום אָנטהון זיי צוריק די העמדלעך, האָט מען נישט גע־קאָנט שוין דערקענען, ווער פון די צוויי איז מאיר און ווער איז שניאור? און ס'איז אַוועק אַ שפּאַרעניש צווישען דער מאַמען און די זויגערין:

— זעה נאָר, זעה, כ'וואָלט געמעגט שווערען, אַז דאָס איז גאָר מאיר און יענץ איז שניאור!

— ווייס איך וואָס איהר רעדט! דאָס איז שניאור און יענץ איז מאַיר! איהר זעהט דען נישט?

— וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומ'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר! ביזט משוגע, צי חסר־דעה?

— אַך, רבונו־של־עולם! איהר זעהט נישט נאָך די אויגען אַז דאָס איז שניאור און יענץ איז מאַיר? זעהט נאָר צוויי אויגען!

— ס'אַ גוטער משל! פאַרשטעהט זיך, צוויי אויגען, ניט קיין דריי.

בקיצור, איינע שרייט אויף מאַיר'ען, אַז ס'איז שניאור, און אויף שניאור'ען, אַז מאַיר, און די אַנדערע — אַז שניאור איז מאַיר און מאַיר איז שניאור. זענען די מאַנסבילען געפאַלען אויף איין עצה. פאַרט מאַנסבילען!

— ווייסט איהר וואָס? אָט פרובט זיי געבען זויגען, וועלען מיר זעהען: דער וואָס וועט אָננעמען ביי דער מוטער, איז אַ סימן, אַז ס'איז מאַיר, און דער וואָס וועט אָננעמען ביי דער אַם, איז אַ סימן, אַז ס'איז שניאור. אַ פּראָסטער שכל!

כך הוה.ביידע ברעקלעך, מע האָט זיי נאָר צוגעטוליעט צו דער ברוסט, האָבען זיי זיך צוגעחאַפּט ווי נאָך אַ תענית, געצויגען ווי פּיאַווקעס, געסמאַקעט מיט די ליפּען, בשעת מעשה געדריגעט מיט די פיסלעך און אונטערגעוואָרטשעט, ווי הונגעריגע הינטלעך.

— גאָט'ס נסים! זעהט, ווי דער אויבערשטער האָט באַשאַפען די וועלט!...

אזוי האָבען געזאָגט די מאַנסבילען מיט טרערען אין די אויגען און זענען אַ בעלן געווען אויף טשיקאַוועס פרובען איבערבייטען די ברוסט, זעהן וואָס דאָ וועט זיין? און מע האָט די קינדערלעך נעבאַך אָפּגעריסען פון דער ברוסט, און מע האָט זיי איבערגעלעגט: שניאור'ען אויף מאַיר'ס אָרט און מאַיר'ען אויף שניאור'ס אָרט — וואָס, מיינט איהר, איז געווען? איהר מיינט אודאי, אַז זיי האָבען נישט געזויגען? נאָך אַ מין זויגען!...

פון דעמאָלט אָן האָט מען זיך שוין מיאש געווען פון זיי און מע האָט שוין אויפגעהערט צו אונטערשיידען: ווער איז מאיר און ווער איז שניאור. לאָז זיין מאיר־שניאור און שניאור־מאיר. און מע האָט זיי אַ נאָמען געגעבן: „די מאירס מיט די שניאורס". גלייך ווי עס וואָלט געווען צוויי מאירס און צוויי שניאורס, דאָס הייסט, יעדער פון די צוויי איז געווען פאַר זיך אַ מאיר מיט אַ שניאור... נישט איין מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז מע האָט אין חדר אָפּגעשמיסען מאיר'ען, ווען מע האָט בעדאַרפט שמייסען שניאור'ען, אָדער פערקעהרט, מע האָט אַריינגעצימבעלט שניאור'ען, דעמאָלט ווען די שמיין איז געקומען מאיר'ען. און בכדי עס זאָל נישט זיין נאָכדעם קיין פערדראָס, פלעגט דער רבי פּאָלען אויף איין עצה (וואו תורה, דאָרט איז חכמה!):

— ווייסט איהר וואָס, קינדערלעך? לעגט זיך אַקאָרשט אַוועק ביידע, וועט ניט זיין קיין קנאָה, מיך געשמיסען, דיך געשמיסען, אַ שענע ריינע כפּרה, צווישען דער משפחה וועט דאָס בלייבען...

ערשט העט־שפּעטער, נאָך דער בר־מצוה, אַז די מאירס מיט די שניאורס האָבען זיך אויפגעכאַפּט אויף די פיס, איז•מיט אַ מאָל געוואָרען צווישען זיי אַ חילוק, אַז מע האָט זיי שוין געקאָנט דערקענען ביינאַכט פאַר אַ מייל. גאָט'ס וואונדער! עס האָט זיך אָנגעהויבען שיטען ביי זיי אַ בערדעל (זיי האָבען, אַפּנים,ביידע צופּריה אָנגעהויבען רויכערען ציגאַרען?), און ביי מאיר'ען האָט זיך בעוויזען אויף די בעקלעך און אויף דער אויבערשטער ליפּ שוואַרצע הערלעך (אָבער שוואַרץ ווי טינט!), און ביי שניאור'ען — רויטע הערלעך (אָבער רויטע אזוי ווי פייער!). די דאָזיגע בערד זענען געוואַכסען ביי זיי ווי מיט רוחות (זיי האָבען, אַפּנים, ביידע צו־שטאַרק גערויכערט ציגאַרען), אזוי, אַז צו דער חופּה האָבען זיי געטראָגען צוויי בערד, וואָס זאָג איך בערד? — בעזעמער! איינער אַ שוואַרצען בעזעם, און דער אַנדערער אַ רויטען בעזעם, און אויסגעזעהען האָט עס, ווי עמיצער האָט זיי די בעזעמער אָנגעהאָנגען

גרוים. זענען די ווערק פון גאָט און זיינע וואונדער האָבען נישט קיין ברעג! וואָרום ווער ווייסט וואָס דאָ וואָלט געקאָנט אַרויס, ווען, למשל, נאָך דער חתונה פערבייטען זיי זיך חלילה מינז די ווייבער — מיין איך פערקעהרט: די ווייבער פערבייטען זיך מיט די מאַנען. איך ווייס ניט, ווי אַזוי ביי אייך, אין די גרויסע שטעדט; ביי אונז אין כתרילעווקע האָט זיך לעת־עתה אַזאַ מעשה נאָך נישט געטראָפען, מע זאָל זיך פערבייטען מיט די יוצרות. ממה נפשך: בין איך דיין ווייב, ביזט דו מיין מאַן, און ביזט דו מיין מאַן, בין איך דיין ווייב; אלא וואָס דען? ביזט יענער'ס מאַן, בין איך יענעמ'ס ווייב; בין איך יענעמ'ס ווייב, ביזט דו יענער'ס מאַן. אַ קשיא, טאָמער איז געמאָהלט, אַז מיין מאַן זאָל זיך מיישב זיין און זאָגען, אַז עס מאַכט איהם נישט אויס יענעמ'ס ווייב אויך — וואָס הייסט? נו, און וואו בין איך? איך וועל איהם שווייגען??!!

הקיצור, נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס איך האָב אייך געוואָלט דערצעהלען. די רעכטע מעשה הויבט זיך ערשט אָן.

ב.

ביז אַהער האָבען מיר זיך בעשעפטיגט נאָר מיט די מאירס און שניאורס, דאָס הייסט, מיט מאיר'ען און מיט שניאור'ען, און אַביסעל בעקענט זיך מיט זייער מוטער און מיט דער זויגעריז. און האָבען נישט גערעדט קיין וואָרט נאָך פון זייער פאָטער, גלייך ווי זיי וואָלטען חלילה קיינמאָל נישט געהאַט קיין טאַטען... לאָז גאָט היטען! אַזאַ זאַך קאָן זיך טרעפען נאָר ביי זיי, נישט ביי אונז. ביי אונז איז נישטאָ, ברוך־השם, קיין פינדעל־הויז, וואו קינדער זאָלען וואַכסען אָהן אַ טאַטע־מאַמע; ביי אונז האָט זיך נאָך נישט געטראָפען, אַז אַ קינד זאָל אויפוואַכסען און נִיט וויסען, ווער איז זיין ריכטיגער טאַטע; און אויב ס'זאָל אַמאָל דורכגעפאַלען ביי אונז אַזאַ מעשה, האָט זיך עס געווים געטראָפען ערגיץ אין אַדעס, אין פאַריז, אָדער אין דעם וויטען אַמעריקאַ... פאַר כתרילעווקע

בין איך אייך ערב, אז דאָרט האָט זיך אַזאַ מעשה נישט געטראָפֿען קיינמאָל, און אויב ס'האָט זיך געטראָפֿען, האָט זיך עס געטראָפֿען ערגיץ ווייט איך מיט וועמען, מיט אַ דיענסטמיידעל, אָדער אַזוי מיט אַ אידישער טאָכטער געבאָך, וואָס איז פֿערפֿיהרט געוואָרען דורך אַ צופֿאָל, געפֿאַלען אַ קרבן פֿאַר פֿרעמדע זינד...

הקיצור, די מאירס מיט די שניאורס האָבען געהאַט אַ טאָ־טען, און נאָך אַ שענעם טאַטען דערצו, און געהייסען האָט ער רב שמשון, אַ איד אַיין עהרליכער, און געהאַט האָט דער רב שמשון אַ באָרד, אַ גרויסע, אַ רייכע, אַ שענע באָרד, אַ „זקנה"! מע קאָן זאָגען, אַז ביי רב שמשון'ען איז געווען מעהר באָרד ווי פּנים, איבער דער דאָזיגער באָרד האָט מען כמעט נישט אַרויסגעזעהען דאָס פּנים, און דערפֿאַר טאַקי האָט ער אין כתרילעווקע נישט גע־האַט קיין אַנדער נאָמען, ווי רב שמשון באָרד.

און געווען איז דער רב שמשון באָרד... לאָמיך אַזוי וויסען בייז, וואָס ער איז געווען. ער איז געווען אַ איד, וואָס האָט כל ימיו געמוטשעט זיך, געפּלאָגט זיך איבער'ן שטיקעל ברויט, מלחמה געהאַלטען מיט'ן דלות; אַ מאָל האָט ער בייגעקומען דעם דלות, אַ מאָל — דער דלות איהם, ווי דער שטייגער איז פֿון די כתרי־לעווקער אידען, וואָס האָבען קיין מורא נישט פֿאַר'ן דלות, שטעלען איהם אוים דריי פֿייגען...

און געלעבט האָט דער רב שמשון באָרד אַזוי לאַנג, ביז ער איז געשטאָרבען. און אַז ער איז געשטאָרבען, האָט מען איהם בעהאַלטען מיט גרוים כבוד, כמעט די גאַנצע שטאָדט איז נאָכגע־גאַנגען נאָך דער לויה.

— ווער איז געשטאָרבען?

— רב שמשון.

— וואָסער רב שמשון?

— רב שמשון באָרד.

— אוי־וואַ! איז שוין, הייסט דאָס, רב שמשון באָרד אויך אוועקגעקומען? ברוך דיין אמת!

אזוי האָט מען געשמועסט אין בתרילעווקע און בעדויערט נישט אזוי רב שמשונ'ען אליין, ווי דאָס, וואָס אין שטאָדט ווערד ווינציגער אלע מאָל מיט א אידען. משונה־מאָדנע ברואים אָט די בתרילעווקער אידען: לאָ־די זיי זענען אזעלכע אָרעמע לייט, וואָס זענען קיינמאָל נישט זאַט, וואָלטען זיי נאָך א בעלן געווען, אַז קיינער זאָל ביי זיי נישט שטאַרבען. זייער איינציגער טרייסט איז, וואָס שטאַרבען שטאַרבט מען אומעטום, אַפילו אין פּאַריז, און וואָס אויסקויפען זיך פונ'ם טוידט קויפט זיך נישט אויס קיי־נער, און אפילו רויטשילד אליין, וואָס איז כמעט גרעסער פונ'ם מלכות, פון דעסטוועגען, אַז עס קומט די צייט פון שטאַרבען, בעט מען איהם מחילה, ער זאָל זיך מטריח זיין אהינצוצו — און ער מוז געהן!

אַצינד קעהרען מיר זיך אום צוריק צו די מאירים מיט די שניאורס. כל זמן רב שמשון באָרד האָט געלעבט, זענען די מאירים מיט די שניאורס געווען, קאָן מען זאָגען, נפש אחת, געלעבט איין זעל, איין נשמה. און אַז רב שמשון באָרד איז געשטאָרבען, זענען זיי געוואָרען פייער מיט וואַסער, גרייט געווען אלע מינוט אָרויפ־פאַלען איינס אויף דאָס אַנדערע און אויסרייסען זיך די בערד. איהר ווילט וויסען, איבער וואָס? אדרבה, זאָגט איהר, איבער וואָס קריעגען זיך קינדער נאָכ'ן טאַטענ'ס טוידט? פערשטעהט זיך, איבער ירושה. אמת, רב שמשון האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין פעלדער, קיין וועלדער, נחלאות, הייזער, רענטעס, און מזומן געלד אודאי נישט. און קיין ציערונג, זילבער און כלי־בית האָט ער אויך נישט איבערגעלאָזט פאַר די קינדערס וועגען, נישט מחמת שלעכטינקייט אָדער קאַרגשאַפט, נאָר פּשוט, ווייל ער האָט נישט געהאַט. דאָך זאָלט איהר ניט מיינען, אַז רב שמשון האָט חלילה ניט איבערגעלאָזט זיינע קינדער גאָרנישט. רב שמשון האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך א מאַיאָנטעק, א מין שוה־כסף, וואָס מע קאָן צו יעדער צייט מאַכען פון דעם געלד, מע קאָן דאָס פער־זעצען אין משכון, פערדינגען אָדער פערקויפען. דאָס איז געווען

אַיין אייגענע שטאָרט אינ'ם אַלטען כתרילעווקער בית־המדרש, אויבען־אָן אין מזרח, סאַמע די צווייטע שטאָדט פון רב יוזיפיל דעם רב, די אַנדערע, הייסט דאָס, פונ'ם אָרון־קודש. אמת, די כתרילעווקער חכמים זאָגען אַפילו אַ גלייכווערטעל, אַז ס'איז גלייכער אַיין אייגען דאָרף אין דרויסען איידער אַיין אייגענע שטאָדט אין שוהל; דאָס איז אָבער נייעט מעהר ווי אַ גלייכווערטעל, און אַז האָט העלפט, מע האָט זיך טאָקי אַיין אייגענע שטאָדט, און נאָך אין מזרח־וואַנד דערצו, איז טאָקי נישט שלעכט. און בעסער פון גאָרנישט איז דאָס אודאי!

בקיצור, רב שמשון באָרד האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שטיקעל נחלה, אַיין אייגענע שטאָדט אין אַלטען כתרילעווקער בית־המדרש. נאָר ער האָט פערגעסען אַ קליינינגקייט — אָנזאָגען, וועמען ער לאָזט איבער בירושה די דאָזיגע שטאָדט: מאיר'ען, צי שניאור'ען?

אַפנים, רב שמשון, זאָל ער מיר מוחל זיין, האָט זיך גאָר ניט געריכט צו שטאַרבען? ער האָט פערגעסען, אַז דער מלאך־המות שטעהט תמיד הינטער די פלייצעס און היט אונז די טריט, אַניט, וואָלט ער זיכער געשריבען אַ צוואה, אָדער אַזוי אָנגעזאָגט פאַר עדים, וועמען פון די צוויי זיהן לאָזט ער איבער זיין מאַיאָנטעק.

וואָס זאָלט איהר קלערען? אודאי איז דעם ערשטען שבת וואָס נאָך שלשים שוין אַרויסגעשפרונגען אַ מחלוקת צווישען די צוויי ברידער. מאיר, פערשטעהט איהר מיך, האָט גע'טענה'ט, אַז על־פי דין קומט דעם טאַטענ'ס שטאָדט א י ה ם, ווארום ער איז דאָך דער עלטערער (אויף אַ גוטע האַלבע שעה!). און שניאור האָט גע'טענה'ט צוויי טענות מיט אַ מאָל: ערשטענס, ווייסט מען ניט, ווער איז פון זיי דער עלטערער, ווארום ווערליג די מאַמע דערציילט, אַז מע האָט זיי קינדווייז פערביטען, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז ער, שניאור הייסט דאָס, איז מאיר, און מאיר איז שניאור. והשנית, האָט מאיר אַ שווערער אַ נגיד, וואָס האָט אויך

איין אייגענע שטאָדט אינ'ם בית־המדרש אין מזרח־וואַנד, און קיין זוהן האָט ער נישט, וועט דאָך די שטאָדט איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אם ירצה השם, אַריבערגעהן צו מאיר'ען. וועט אויסקומען, אַז מאיר וועט האָבען צוויי שטעדט אין מזרח־וואַנד, און שניאור — אַפילו אַ האַלבע נישט! פרעגט זיך אַ קשיא: וואו איז יושר? וואו איז מענשליכקייט?

דערהערט אַזאַ טענה, האָט זיך אַריינגעמישט מאיר'ס שוועהר, אַ איד אַ נגיד, איין אויפגעקומענער, און איז אַרויס מיט אַ פייער: „אביסעל איין עזות! איך בין נאָך ניט אַלט קיין פערציג יאָהר אפילו און האָב נאָך, ערשטענס, בדעה צו לעבען און לעבען, — צום סוף טיילען זיי זיך מיט מיין ירושה! והשנית, פון וואַנען ווייסט מען, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט האָבען קיין יונגעל? אמת, איך וועל טאָקי נישט האָבען, אָבער מיין ווייב קאָן נאָך האָבען אַ יונגעל, און נישט איין יונגעל, נאָר עטליכע יונגלעך! אַביסעל איין עזות פון אַ שייגעץ!"

האָבען זיך מענשען אַריינגעלעגט אין אַ שלום, געוואָלט מאַכען אַ שטיקעל פשרה, „יאַק נע פסק נאַ פסאַקעץ", מע זאָל אָפּשאַצען די שטאָדט, וויפיעל זי איז ווערטה, און איין ברודער דעם אַנדערען זאָל אויסצאָהלען. דאַכט זיך, אַ גלייכע פשרה? אַיאָ? איז דער חסרון, וואָס ביידע ברידער האָבען נישט געוואָלט הערען פון אַרויסצאָהלען. ס'איז זיי נישט געגאַנגען אין געלד — געלד איז בלאָטע; ס'איז געגאַנגען אינ'ם עקשנות, אינ'ם צו־להכעיס: פאַר וואָס זאָל אַ ברודער זיין אַזאַ איינגעשפּאַרטע זאַך און נישט צולאָזען דעם צווייטען ברודער? און פאַר וואָס זאָלסט דו זיצען אויפ'ן טאַטענס אָרט און איך ניט? עס איז זיי שוין ניט געגאַנגען אזוי אין זיך, ווי אין יענעם, איינער האָט נישט פערגונען דעם אַנדערען, ווי זאָגט מען דאָס: ג ם ל י ג ם ל ך — נישט מיר, נישט דיר... און די מאירס מיט די שניאורס האָבען גענומען קריעגען זיך און טהון איינער דעם אַנדערען אויף צו־להכעיס. אַ קלייניגקייט — נצחון?

דעם ערשטען שבת איז מאיר געקומען אביסעל פריהער און האט זיך אװעקגעזעצט אויף דעם טאטענ'ס שטאדט, און שניאור איז געשטאנען די גאנצע צייט אויף די פיס. דעם צװייטען שבת איז שניאור געקומען פריהער און האט זיך אװעקגעזעצט אויף דעם טאטענס ארט, און מאיר איז געשטאנען די גאנצע צייט אויף די פיס. דעם דריטען שבת האט זיך מיישב געװען מאיר און האט זיך געפעדערט גאנץ פריה, האט זיך אװעקגעזעצט אויף דער שטאדט, איבערגעדעקט זיך מיט'ן טלית איבער'ן קאפ—און טהו מיר עפּיס! האט זיך מיישב געװען שניאור דעם פערטען שבת און פעדערט זיך נאך פריהער און זעצט זיך אװעק אויף דער שטאדט און דעקט זיך איבער מיט'ן טלית איבער'ן קאפ — און רוף מיך קנאקניסעל! האט זיך מיישב געװען מאיר דעם פינפטען שבת און פעדערט זיך נאך פריהער... אזוי לאנג האבען זיך די מאירס מיט די שניאורס געפעדערט, ביז זיי זענען איינמאל אין א שענעם שבת־הגדול געקומען צו געהןביידע אין איין צייט, ס'איז נאך ניט געװען רעכט ליכטיג אין דרויסען, און האבען זיך אװעקגעשטעלט ביידע ביי דער טהיר פונ'ם בית־המדרש (דאס בית־המדרש איז נאך געװען צו), און מע האט זיך גענומען קוקען אהן װערטער. נאר מלא גזלן איינס אויף דאס אנדערע, װי די העהנער, װאס זע־נען גרייט אט־אט ארייננשפּרינגען איינס דאס אנדערע אין פּנים אריין און אויספּיקען זיך די אויגען... אזוי, דארפען מיר רע־כענען, זענען אמאל געשטאנען די ערשטע צװיי ברידער, די ערשטע צװיי שונאים אויף דער װעלט, קין און הבל, איינע אליין אין פעלד, אונטער גאט'ס הימעל, מלא רציחה, גרייט אויף צו דורס זיין, אויפפרעסען איינס דאס אנדערע, פערגיסען אומשולדיג בלוט...

ג.

האבען מיר, הייסט דאס, איבערגעלאזט די מאירס מיט די שניאורס ביי דער שוהל שבת אין דער פריה שטעהן איינס אקעגען דאס אנדערע אנגעדרודעלט, װי די העהנער, און גרייט אדער אנ־

האפען זיך ביי די בערד, אדער אריינפאהרען איינער דעם אנדערען אין די אויגען אריין. מע דארף אבער נישט פערגעסען, אז די מאירס מיט די שניאורס זענען געווען טאטענס קינדער, אנשטענ־דיגע יונגע־לייט, חלילה נישט קיין הפקר־יונגלעך, וואס זאלען אנפאלען איינס אויף דאס אנדערע, אזוי ווי די גויים, להבדיל. זיי האבען אפגעווארט ביז עס וועט קומען עזריאל דער שמש און וועט אויפעפענען די טהיר פונ'ם בית־המדרש, וועט מען שוין דעמאלט זעהען, ווער עס וועט פריהער פערהאפען דעם טאטענ'ס שטאדט: צי מאיר, צי שניאור?

צעהן יאהר האבען זיך געצויגען ביי זיי די מינוטען. קוים דערלעבט זעהן עזריאל'ען מיט די שליסעל. און אז עזריאל מיט דער קאלטענעוואטער באָרד איז אנגעקומען, האט ער נישט געקאנט צוקומען מיט'ן שליסעל צום שלאס בשום אופן, וויילביידע ברידער האבען זיך צוגעשפארט מיט די פיס צו דער טהיר, איינער מיט דעם רעכטען פוס, דער אנדערער מיט דעם לינקען פוס, נישט גע־וואלט אפטרעטען בשום אופן ואופן.

— וואס־זשע וועט זיין דערפון? — האט זיי עזריאל א זאג געטהאן און גענומען בשעת מעשה א שמעק טאבאק. — מילא, אז איהר וועט אזוי שטעהן ביידע אנגעשפארט, ווי די צאפעס, וועל איך נישט קאנען עפענען די טהיר, און דאס בית־המדרש וועט שטעהן אזוי צוגעשלאסען א גאנצען טאג. ס'איז עפיס א תכלית? נו, אדרבה, זאגט שוין איהר אליין!

עס ווייזט אויס, אז די דאזיגע ווערטער האבען געהאט א ווירקונג, מחמת די מאירס מיט די שניאורס האבען זיך ביידע גע־געבען א רוק צוריק, איינער רעכטס, דער אנדערער לינקס, גע־מאכט איין ארט פון עזריאל'ס וועגען, ער זאל קאנען צוטרעטען מיט'ן שליסעל צו דער טהיר און אויפשליסען דעם רוקער. און אז דער רוקער האט זיך געגעבען א רוק און די טהיר האט זיך געגעבען איין עפען־אויף, האבען זיך די מאירס מיט די שניאורס געגעבען ביידע א לאז־אריין.

— פּאַוואָלי, אַט וואַלגערט איהר אום אַ אידען! — האָט אויסגעשריען עזריאל דער שמש, און איידער ער האָט געקאָנט אויסרעדען נאָך איין וואָרט, איז ער שוין געלעגען נעבאָך אַ צע־טראָטענער אונטער זייערע פיס און געשריגען ניט מיט זיין קול:

— פּאַוואָלי, אַט צעטרעט איהר אַ אידען, אַ טאַטען פון קינ־דער!...

די מאירים מיט די שניאורס האָבען אָבער אין זינען געהאַט עזריאל דעם שמש מיט זיינע קינדער אין דער לינקער פּאָה. זיי איז געלעגען אין זינען די שטאָדט, דעם טאַטענ'ס שטאָדט, — און האָבען זיך ביידע געגעבען אַ לאָז אהין, אויבען־אָן, צו מזרח צו, געגעבען אַ שפּרונג־איבער איבער אַלע בענק און שטענדערס, און געקומען צו דער שטאָדט, האָבען זיי זיך ביידע געגעבען אַ זעץ־אַנידער און אַ שפּאַר־אריין מיט די פּלייצעס אין וואַנד אריין און מיט די פיס אין דער פּאַדלאָגע, און פון גרויס שפּאַרעניש זענען זיי אַרויף איינס אויף דאָס אַנדערע און אַנגענומען זיך ביי די בערד און געפּינעט און געקריצט מיט די ציינער און גע־האַרחעלט:

— מכות וועסט דו זיצען אויף דער שטאָדט!

אין דער דאָזיגער צייט האָט זיך עזריאל דער שמש דערוויייל אויסגעגלייכט די ביינער און צוגעגאַנגען צו די מאירים מיט די שניאורס און דערזעהען ווי זיי ליגען ביידע אוז האַלטען איינס דאָס אַנדערע ביי די בערד, האָט ער אַ פּרוב געטהאָן פריהער מיט גוטען, אַזוי צו זאָגען:

— אי־פע, שעמען מיעגט איהר זיך! צוויי ברידער, צוויי לייבליכע ברידער פון איין טאַטע־מאַמע, זאָלען זיך האַלטען ביי די בערד! און נאָך אין אַ מקום קדוש דערצו! אי־פע!...

עזריאל דער שמש האָט אָבער אַרויסגעזעהען, אַז איז דעם מאָמענט גראָדע איז זיין כוסר גאַנץ זומיזיסט, אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן ווינד; אדרבה, ער האָט מיט זיינע רעד, קאָן מען זאָגען, אונ־טערגעגעבען נאָך מעהר היטץ, און די צוויי ברידער פון איין טאַטע־

מאַמע זענען אַזוי ווייט אַריין אין דער רציחה, אַז ביי איינעם אין האַנד איז געווען אַ זשמוט מיט שוואַרצע האָר (פון מאירס באָרד) און ביי׳ם צווייטען אין האַנד איז געווען אַ זשמוט מיט רויטע האָר (פון שניאור׳ס באָרד). און אויך פּלעקען בלויע האָבען זיך בעוויזען ביי זיי אויף די פּנימ׳ער, און ביי איינעם פון זיי האָט זיך געטהאָן אַ לאָז בלוט פון דער נאָז.

כל זמן עס האָט נאָר געהאַלטען ביי בערד אַליין מיט פּעטש, קלעפּ, בוכענצים וכדומה אַזעלכע מינים זאַכען, האָט עזריאל דער שמש נאָך געקאָנט רעדען אַ פּאָר ווערטער, זאָגען אַביסעל מוסר. דערזעהען אָבער, ווי עס גיסט זיך שוין בלוט, האָט עזריאל מעהר נישט געקאָנט איינשטעהן, וואָרום בלוט — עס מעג זיין אפילו פון אַ נאָז — איז זעהר אַ מיאוסע זאַך, וואָס פּאַסט פאר גוייב, נישט פאַר אידען. פע, חולילי הלשות!... און עזריאל דער שמש האָט נישט לאַנג געטראַכט, האָט זיך געגעבען אַ לאָז־אַוועק אין פּאָליש אַריין, געכאַפּט איין עמער וואַסער און געגעבען אַ גאָס־אויס אויף ביידע ברידער.

קאַלט וואַסער איז פון תמיד אָן, זינט די וועלט שטעהט, דאָס בעסטע מיטעל אויף אויפצומונטערען אַ מענשען; אַ מענש, ער מעג זיך זיין אין גרעסטען כעס, אין ערגסטען גרימצאָרן, אַז ער בעקומט אַ קאַלטע באָד, אַזוי ווערד ער אויפגעפרישט, אָפּגע־קיהלט און קומט צו זיינע געדאַנקען... פון דעם דאָזיגען אומ־געריכטען קאַלטען באָד, וואָס עזריאל האָט זיי מכבד געווען, האָ־בען די מאירס מיט די שניאורס ווי אויפגעוואַכט פון שלאָף, האָבען זיך אַ קוק געטהאָן איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אַריין און האָבען זיך פערשעמט, ווי אָדם מיט חוה׳ן בשעת זיי האָבען פער־זוכט פונ׳ם עץ־הדעת און דערזעהען, אַז זיי זענען נאַקעט... און טאַקי דעם זעלבען שבת־צו־נאַכטס זענען די מאירס מיט די שניאורס געגאַנגען מיט נאָך מענשען צו רב יוזיפיל דעם רב, זיך בערלאָזען אויף מענשען, וואָס מענשען וועלען געפינען.

ד.

דאָס כתרילעווקע זאָל נישט זיין אַזאַ העק און ס'זאָל נישט ליגען פערוואָרפען אַזוי ווייט פון דער גרויסער וועלט, און דאָרטען זאָלען, למשל, ערשיינען גאַזעטען, צייטונגען און זשורנאַלען, וואלט די וועלט געווים געהאַט צו טהון מיט רב יוזיפיל דעם רב. אלע בלעטער וואָלטען געווען פול מיט איהם און מיט זיין חכמה. חכמים, גרויסע געלעהרטע, בעריהמטע לייט פון דער וועלט וואָלטען זיך געלאָזט צו איהם, זעהען איהם בעשיינפערליך און הערען פון זיין מויל אלע קלוגע דבורים. פאָטאָגראַפען און צייכנער וואָלטען אַראָפּגענומען זיין בילד און וואָלטען עס פערשפּרייט אין אַלע עקען פון דער וועלט. אינטערוויוערס וואָלטען איהם גערולט דעם קאָפּ, נישט געלאָזט לעבען. זיי וואָלטען וועלען וויסען אַלסדינג. וואָס ביי איהם טהוט זיך. וואָסערע מאכלים ער האָט ליעב? וויפיעל שעה אין טאָג שלאָפט ער? צי גלויבט ער אין השאָרת־הנפש? וואָס פאַר אַ מיינונג איז ער וועגען רויכערען סיגאַרע־טען, און צי האַלט ער פון פאָהרען אויף אַ וועלאָסיפּעד, וכדומה? נאָר אַזוי ווי כתרילעווקע איז אַ העק און עס ליגט פערוואָרפען ווייט פון דער גרויסער וועלט, און דאָרטען ערשיינען נישט קיין גאַזעטען, צייטונגען און זשורנאַלען, האָט די וועלט קיין שום ידיעה נישט פון רב יוזיפיל דעם רב. די בלעטער דערמאָנען נישט אַ מאָל זיין נאָמען. חכמים, גרויסע געלעהרטע און בעריהמטע לייט פאָהרען נישט צו איהם. פאָטאָגראַפען און צייכנער נעמען נישט אַראָפּ זיין בילד. אינטערוויוערס לאָזען איהם צורוה. און רב יוזיפיל לעבט זיך אָפּ זיין וועלט שטיל, בעשיידען, אָהן געפּילדער, אָהן טאַראַראַם. קיינער ווייסט נישט פון איהם צו זאָגען, אויסער די שטאָדט כתרילעווקע, וואָס בעוואונדערט איהם, האַלט פון איהם איין עולם ומלואו און גיט איהם אָפּ פיעל־פיעל כבוד (קיין געלד איז אין כתרילעווקע נישטאָ, אָבער כבוד — וויפיעל איהר ווילט!...). זיי זאָגען אויף איהם, אַז ער איז אַ נסתר, אַ פער־

באַרגענער חכם, וואָס בעווייזט זיך נישט אַרויס מיט זיין חכמה, נאָר אַז מע קומט צו איהם מיט אַ משפּט, זעהט מען ערשט דער־מאָלט אַרויס, ווי עמוק ער איז, ווי טיעף, ווי שאַרף, טאַקי נאָר חכמת שלמה!

אָפּגעמאַכט הבדלה און אָפּגעזאָגט המבדיל, זענען די מאירס מיט די שניאורס געקומען צום רב רב יוזיפיל אויף אַ דין־תורה און האָבען געטראָפען דאָרטען שוין אַ פולע שטוב מיט מענשען. די שטאָדט איז נייגיעריג געווען צו הערען, ווי אַזוי וועט עס דאָ רב יוזיפיל פּסק'ענען? ווי אַזוי וועט ער דאָ איינטהיילען איין־און־איינציגע שטאָדט צווישען צוויי ברידער? קודם כל האָט רב יוזיפיל געלאָזט די צדדים, זיי זאָלען זיך אָביסעל אויס'טענה'ן. רב יוזיפיל געהט מיט דעם גאַנג, אַז פאַר'ן משפּט בעדאַרף מען די צדדים לאָזען טענה'ן, וואָרום נאָכ'ן משפּט וואָס וועט זיי העלפען דאָס טענה'ן? נאָכדעם האָט ער געלאָזט אויך עזריאל דעם שמש, ער זאָל רעדען וויפיעל ער וויל. עזריאל איז דאָך דאָ דער רעכטער עדות. און גלאַט בעלי־בתים האָבען גערעדט. ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצען — דער האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ וואָרט, און נישט מיט איין וואָרט, נאָר מיט אַ סך ווערטער. רב יוזיפיל איז אַ מענש, ברוך־השם, וואָס לאָזט רעדען אַלעמען. איך האָב שוין לאַנג בעמערקט, אַז רב יוזיפיל איז אַ שטיקעל פילאָזאָף: ער געהט מיט דעם גאַנג, אַז וויפיעל אַ מענש זאָל נישט רעדען, מוז ער אַמאָל אויפהערען.

כך הוה. די גאַנצע שטאָדט האָט גערעדט און גערעדט — און האָט אויפגעהערט צו רעדען. און אַז דער עולם האָט אויפ־געהערט צו רעדען, האָט זיך רב יוזיפיל אָנגערופען צו די מאירס און שניאורס לאַנגזאַם, שטיל און בנעימות, ווי זיין שטייגער איז, בזה הלשון:

— שמעו נא, רבותים, הערט זשע צו, אידען, די מעשה דערפון איז אַזוי. ווערליג איך האָב אויסגעהערט דאָ אייערע ביידענס טענות און די אַלע טענות פון אַלע איבעריגע בעלי־בתים, זעה איך, אַז איהר

זענט נעבאַך ביידע זעהר גערעכט. איהר האָט נעבאַך ביידע גע־
האַט איין טאַטען — און אַ שענעם טאַטען, לאָז ער האָבען אַ ליכטי־
גען גן־עדן. דער חסרון איז נאָר, וואָס ער האָט אייך נעבאַך בייז
דען איבערגעלאָזט סך־הכל איין שטאָדט. אודאי איז ביי אייך
ביידען טהייער דעם טאַטענ'ס שטאָדט, פאָרט איין אייגענע שטאָדט
אין מזרח־וואַנט, אינ'ם אַלטען, אַלטען כתרילעווקער בית־המדרש.
מיט דער האַנט אַוועקמאַכען קאָן מען דאָס נישט. נאָר וואָס דען?
כשם ווי ס'איז אונמעגליך, אַז איין מענטש זאָל קאָנען פאַרנעמען
צוויי שטעדט, אַזוי איז אונמעגליך, אַז צוויי מענטשען זאָלען זיך
באַנוגענען מיט איין שטאָדט. אַדרבה, מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז
אַ סך לייכטער, אַז איין מענטש זאָל פאַרנעמען צוויי שטעדט,
איידער אויף איין שטאָדט זאָלען זיצען צוויי מענטשען; וואָרום
אַז איין מענטש זאָל, למשל, האָבען צוויי שטעדט, זעצט ער זיך
אַנידער אַ מאָל אויף דער שטאָדט, און אַ מאָל אויף יענער, אָבער
אַז צוויי מענטשען זאָלען זיך פרובען אין איין צייט זעצען אויף
דעם זעלביגען אָרט — קאָן דאָס ניט זיין. למשל, אָט האַלט איך
די רעכטע האַנד אָט־דאָ אויף דעם ספר. לאָם איך, אַשטייגער,
וועלען אין דער אייגענער צייט האַלטען די לינקע האַנט אויפ'ן
זעלביגען אָרט, וואו איך האַלט די רעכטע האַנט — קאָן איך
נישט. פאַר וואָס? ווייל דער אויבערשטער האָט אַזוי באַ־
שאַפען די וועלט, און אַ מענטשענס פאַרשטאַנד קאָן דאָס מיט'ן
שכל נישט משיג זיין. נישט מעהר, בלייבט דאָך איבער די קשיא:
וואָס טהוט מען נעבאַך מיט צוויי ברידער, אַז זיי האָבען פאָרט
געהאַט נעבאַך נאָר איין טאַטען, וואָס האָט זיי איבערגעלאָזט סך־הכל
איין שטאָדט? איטליכען ווילט זיך — פאָרט איין אייגענע שטאָדט
אין מזרח־וואַנט, אינ'ם אַלטען, אַלטען כתרילעווקער בית־המדרש,
מיט דער האַנט אַוועקמאַכען קאָן מען דאָס נישט! קומט אויס:
י ה ל ו ק ן, אַז מע זאָל זיך טהיילען. ווי אַזוי זשע טהיילט
מען אַ שטאָדט? אַ שטאָדט איז דאָך נישט קיין... קיין... עפּעל,
וואָס מע צעשניידט אויהם אויף דער העלפט און מע זאָגט: נאַ דיר

אַ האַלבע שטאָדט און נאַ דיר אַ האַלבע שטאָדט. איז פאַרהאַן אָבער אַיין עצה, אַז איהר זאָלט ביידע זיצען אין מזרח־וואַנט, אַ שטאָדט נעבען אַ שטאָדט. דאָס האָב איך שוין דערקלערט, ברוך־השם, מיט מיין אייגענעם שכל. דהיינו, ווי אַזוי? אזוי ווי אַייער טאַטענ'ס שטאָדט און מיין שטאָדט זענען צוויי שטעדט, אַ שטאָדט נעבען אַ שטאָדט, זעצט איהר זיך, ברידערלעך, אויף די ביידע שטעדט, וועט איהר זיך זיצען געזונטערהייד ביידע, אַ שטאָדט נעבען אַ שטאָדט, און וועט זיך פאַרשפּאָרען קריעגען. אַי וואָס? די קשיא: וואָס וועל איך טהון אָהן אַ שטאָדט? איז דער תירוץ: וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז אַ רב אָדער גלאַט אַ איד מוז דוקא האָבען אַיין אייגענע שטאָדט, און דוקא אין מזרח־וואַנט, און דוקא אינ'ם אַלטען בית־המדרש? וואָרום, לאָמיר זיך גוט באַטראַכטען: וואָס איז אַ בית־המדרש? אַ מקום קדוש. וואָס געהען מיר אין בית־המדרש אַריין? תפלה טהון. צו וועמען? צום אויבערשטען. וואו געפינט ער זיך? אומעטום, ס'איז מ ל א כ ל ה א ר ץ כ ב ו ד ו — פול די גאַנצע וועלט! ווי באַלד אַזוי, הייגט וואָס איז דאָ שייך מזרח, צפון, דרום, גאַנץ אויבען־אָן, אָדער גאָר ביי דער טהיר? אַבי אַ מקום קדוש און אַבי געדאַוועגט! מ ש ל ל מ ה ה ד ב ר ד ו מ ה — צו וואָס איז דאָס געגליכען? צו אַ מלך, וואָס זיינע צוויי קנעכט זענען געקומען צו איהם אין פּאַלאַץ אַריין בעטען ביי איהם אַ טובה. פּלוצים האָבען זיך די קנעכט צעאַמפּערט צווישען זיך און זענען פאַר'ן מלך אין די אויגען אַריינגעפאָהרען איינער דעם אַנדערען אין די בערד אַריין, און האָבען גאָר פאַרגעסען, צוליעב וואָס זיי זענען געקומען און פאַר וועמען זיי שטעהען; האָט זיי דער מלך מסתמא גוט מכבד געווען און האָט באַפוילען, מע זאָל זיי מהילה אַרויספיהרען: ממה נפשך, איהר ווילט זיך רייסען ביי די בערד, געהט אייך געזונטערהייד אין דרויסען אַרויס און רייסט אייך דאָרטען וויפיעל אייער האַרץ געלוזסט; וואָס האָט איהר צו קריכען צום קייזער אין פּאַלאַץ אַריין,

אז איהר ווייסט ניט, ווי אזוי צו האַלטען זיך ?... דאס איז דער משל, און דער נמשל זענט איהר. געהט זשע אייך, קינדערלעך אהיים און לעבט אייך אין פריעדען, און לאז אייער פאטער זיין דאָרטען א מליץ־יושר פאר אייך און פאר אונז און פאר כלל ישראל.

אזוי האט גע'פסק'עט רב יוזיפיל דעם משפט, און דער עולם איז זיך צעגאנגען אהיים.

אויף איבעראכטאָג שבת זענען די מאירס מיט די שניאורס געקומען אין בית־המדרש און האבען זיך אוועקגעשטעלט דאוונען ביי דער טהיר. וויפיעל מע האט זיי ניט געבעטען, עזריאל דער שמש פון איין זייט און רב יוזיפיל דער רב פון דער אנדערער זייט — זיי האבען נישט געוואלט זיך זעצען אין מזרח־זייט בשום אופן ואופן.

ווער ס'איז א בעלן אויף איין אייגענער שטאָדט אין מזרח־וואנד, אינ'ם אלטען כתרילעווקער בית־המדרש, די אנדערע שטאדט פון רב יוזיפיל דעם רב, אין גלייכען געלד, זאל ער זיך ווענדען קיין כתרילעווקע צו רב שמשונ'ס קינדער, צו מאיר'ען אדער צו שניאור'ען — ס'איז אלץ איינס: מע וועט זי אייך פערקויפען בזיל הזול, ווארום קיינער זיצט נישט אויף איהר, נישט מאיר און נישט שניאור. עס שטעהט א לעדיגע שטאדט — איין עבירה פאר גאט!

# די גרויסע בהלה פון די קליינע מענשעלעך

## קאפיטעל א.

### וואו דער מחבר שמועסט זיך אויס אביסעל מיט זיינע אידען.

אפנים, אז כתרילעווקע איז שוין אנגעצייכענט געווארען מן השמים, אז די דארטיגע אידען בעדארפען האבען מעהר צרות פון דער גאנצער וועלט. וואו ערגיץ א מכה, וואו ערגיץ א שלאק, א פורעניות, איין אומגליק, איין אנשיקעניש, א בייז בעגעגעניש, — בעדארף עס זיי ניט אויספעהלען, און פון איטליכער זאך בעדארפען זיי זיך נעמען צום הארצען מעהר פון דער גאנצער וועלט. מילא, פון דרייפוס'ען, אויב איהר געדענקט, איז קיין חדוש ניט. וואס כתרילעווקע האט אזוי געליטען: פארט א אונזעריגער, איין אייגענער; אייגענס איז, ווי זאגט איהר, ניט קיין פרעמדס. וואס־זשע פאר א תירוץ וועט איהר מיר אויסזוכען אויף די בורען. וואס די ענגלענדער האבען זיי איינגענומען און געמאכט פון זיי א תל? קארג האט זיך געטהאן דעמאלט אין כתרילעווקע? וועה־וועה, קארג איז דעמאלט בלוט פערגאסען געווארען אינ'ם אלטען כתרילעווקער בית־המדרש איבער דעם? שאט, שרעקט זיך ניט, איהר מיינט טאקי בלוט ממש? חס וחלילה! די כתרילעווקער זענען ווייט פון בלוט; א כתרילעווקער, אז ער דערזעהט פון דער ווייטען א שניט פון א פינגער, פאלט ער חלשות. מיינען מיינט מען גאר עפּיס אנדערש; מיינען מיינט מען יסורי...

וואַרצוועהטיג, בזיונות. און איבער וואָס, מיינט איהר? נאָר איבער דעם, וואָס מענשען קאָנען זיך ניט אויסגלייכען מיט די דעות; זאָגט דער אַזוי, זאָגט דער: טאָמער פאַרקעהרט? האַלט דער מיט די בורען און נעמט זיך אַן זייער קריוודע: סטייטש, וואָס האָט מען נעבאַך צו איין אָרעם פאָלק, וואָס טשעפעט קיינעם ניט, וואָס וויל זיך זיצען שטיל און רוהיג אַרבייטען די ערד? קומט דער אַנדערער און ווערד אַ שתדלן פאַר'ן ענגלענדער, בעוויייזט־אויס מיט ראיות, אַז די ענגלענדער זענען די ערשטע געבילדעטע לייט אויף דער וועלט. „ממזר! וואָס מיר געבילדעטע, אַז מע בראָקט מענטשען, אַזוי ווי קרויט!“ — „ווער איז אייך שולדיג, אַז איהר זענט אַ בהמה?“ — „אַ בהמה זענט איהר גאָר אַליין בצורת פערד!“... בקיצור — פעטש, עדות, פּאַפּיערען, כיראָוואַי, אַלדי חלשות! דאַכט זיך, אין בלוג, וואָס קעהר זיך אַן מיט אייך, קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים, דלותים, שלעפּערס, אַ לאַנד, וואָס ליגט ערגיץ פערשטעקט אין אַלדי שוואַרצע יאָהר, אין אַפריקאַ? צי אַשטייגער, אייך דאַרף טאָקי דאַרען דער קאָפּ פאַר סערביע, וואָס עטליכע אָפיצירען האָבען זיך מיישב געווען און האָבען איינמאָל אין מיטען ביינאַכט זיך אויפגעכאַפּט, אַנגעפאַלען און גע'הרג'עט דעם קיסר אַלכסנדר און די קיסרינע דראַגע און אַרויסגעוואָרפען זיי' דורכ'ן פענסטער אין דרויסען אַרוים? סטייטש, זאָגט איהר, אַנפאַלען אויף יענעם בשעת ער שלאָפט און מאַכען איהם די קץ, דאָס פאַסט, זאָגט איהר, פאַר פּראַים, ווילדע מענשענפרעסער, דאָרטען ערגיץ, אין די מדבריות? איך פרעג אייך אָבער איין אַנדער זאַך: וואָס געהט דאָס אייך אָן מעהר פון אַלעמען? איהר האָט שוין טאָקי מעהר קיין שום דאגות ניט? חתונה געמאַכט און פערזאָרגט אַלע קינדער — און איין עק? איך פרעג אייך, למאי זאָלט איהר האָבען אַ טבע אַריינשטעקען אומעטום די נאָז אייערע? גלויבט מיר, די וועלט וועט זיך בעגעהן אָהן אייך, און איטליכער וועט זיך מסתמא בעשטעהן זיין שטעדטעל!...

דער מחבר בעט דעם לעזער, ער זאָל קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, וואָס ער רעדט אַזעלכע האַרבע ווערטער מיט זיינע כתרילעווקער לייט! איך בין, פערשטעהסט דו מיך, ליעבער פריינד, אַליין אַ כתרילעווקער. דאָרט בין איך געבאָרען, דאָרט בין איך אויפגעוואַקסען, דורכגעגאַנגען אַלע זייערע חדרים און שקאָלעס, דאָרט האָב איך חתונה געהאַט למזל און זיך אַוועק־געלאָזט נאָכדעם מיט מיין קליין שיפעל אויף דעם גרויסען ברייטען רעש'דיגען ים, וואָס מע רופט איהם „לעבען“ און וואָס די חוואַ־לעס זיינע וואַרפען העכער הייזער, און האָטש מען איז שטענ־דיג אינ'ם דאָזיגען טומעל פערטאַרעראַמט און פערטראַסקעט, פון דעסטוועגען האָב איך נאָך אויף קיין מינוט ניט פערגעסען מיין זיסע ליעבע היים כתרילעווקע זאָל מאַריך ימים זיין, מיט מיינע ליעבע זיסע ברידער, די כתרילעווקער אידען, זאָלען זיך פרוכפּערען און מעהרען; און אַלע מאָל, ווען עס טרעפט זיך דאָ ביי אונז עפּיס איין אויסגאַס, אַ צרה, אַ בראָך, איין אומגליק, טראַכט איך מיר בשעת מעשה: וואָס טהוט זיך אַצינד ד אָ ר ט ע ן, אין מיין פאָטערלאַנד?... כתרילעווקע, דאַרפט איהר וויסען, ווי קליין און אָרעם און עלענד און פערוואָרפען דאָס זאָל ניט זיין, איז דאָך געבונדען מיט דער גאַנצער איבעריגער וועלט, ווי מיט אַ מין דראָט אַזעלכען, וואָס אַז מע גיט אַ קלאַפּ אין איין עק, גיט זיך עס אָפּ באַלד אינ'ם אַנדערען עק! אָדער איך קאָן זאָגען אַזוי: כתרילעווקע איז געגליכען צום קליינעם קינד אין דער מאַמעס בויך, וואָס איז געבונדען, צענויפגעוואַקסען מיט דער מוטער דורכ'ן נאַפּעל און פיהלט אַלדינג גלייך מיט דער מוטער: טהוט וועה דער מאַמען — טהוט וועה דעם קינד; טהוט וועה דעם קינד — טהוט וועה דער מאַמען. אַ חדוש איז מיר נאָר אויף איין זאַך: פאַר וואָס פיהלט כתרילעווקע אַלעמענס צרות מיט אַלעמענס וועהטיגען פון דער גאַנצער וועלט, און קיינער, קיינער פיהלט ניט דעם וועהטיג פון כתרילעווקע; קיינער, קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט די כתרילעווקער? דאָס כתרילעווקע

איז עפּיס אַ מין שטיפקינד ביי דער וועלט, וואָס ביי איין אומגליק חלילה, ביי אַ חולה מסוכן אין שטוב דערפיהלט עס פריהער פון אַלעמען, ווערד אויסגעריסען מעהר פון אַלעמען, טאַנצט־ארום, שלאָפט ניט קיין נעכט, קריכט אין דער ערד אריין, שונאי־ציון! און זאָל דאָס שטיפקינד פאַלען פון די פיס און אליין קראַנק ווערען, מעג זיך עס ליגען, נישקשה, אליין ערגיץ אין דער קרענק, אין אַ ווינקעלע, גליהען ווי איי'ן אויווען, אויסגעהן פון הונגער, חלש'ען אַ טרונק וואסער — קיינער, זייט זיכער, וועט זיך אויף דעם נישט ארומקוקען...

## קאַפּיטעל ב.

### אַ קליין בריוועל און אַ גרויסער רעש.

נאָך אזא מין הקדמה וועט שוין איטליכער גרינג פערשטעהן און זיך קאָנען פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ קאָבעניש ס'איז געווען אין כתרילעווקע דעמאָלט, נאָך דער שענער חתונה, וואָס האָט זיך געטראָפען דעם גוטען פּסח, ניט היינט געראַכט... נאָך איידער ס'איז אָנגעקומען צו זיידלען דאָס „בלאַט" און מע האָט נאָך נישט געוואוסט פון גאָרניט, האָט איינער אַ שוחט בעקומען פון זיינעם איין איידעם אַ בריוועל, וואָס מיר געבען דאָס איבער וואָרט אין וואָרט, מיט דעם לשון, ווי ס'איז געשריבען געוואָרען, איבערגע־זעצט אויף פּראָסט זשאַרגאָן, בכדי אַלע זאָלען דאָס פערשטעהן.

„לכבוד צו מיין געליעבטען טייערען שווער דעם בעריהמטען חכם, וואָס זיין נאָמען לאָזט זיך הערען אין אַלע עקען פון דער וועלט, און צו מיין געליעבטער טייערער שוויגער די עהרליכע און די קלוגע און די פרומע, ווי די שטערען זאָלען זייערע נעמען טהון שיינען ביז'ן עק וועלט אריין, פריעד זאָל זיין צו זיי און פריעד צו זייער הויזגעזינד און צו אַלע ישראל, אָמן.

„מיט ציטערדיגע הענד און מיט געשטרויכעלטע קניען טהו איך צו אייך שרייבען די דאָזיגע ווערטער. הנה זייט וויסען, אז

די פּאַנאַדע האָט זיך ביי אונז שטאַרק געביטען, אַ האַנד פון אַ מענשען און אַ בלייענע פעדער איז גאַר ניט אימשטאַנד דאָס צו בעשרייבען... רק מיר זענען אַלע, ברוך השם, געזונד און שטאַרק, איך און זוגתי מרת דבורה'ל זאָל לעבען און אַלע קינדערלעך זאָלען געזונד זיין, יוסילע און פייגעלע און עזריאַליקעל און חנה'לע און גנענדיל, אַ חוץ נאַר, וואָס מען איז אַנגעשראָקען זעהר שטאַרק פונ'ם האַגעל און פונ'ם שטורמווינט, וואָס דאָ איז געווען, נאַר דאַנקען גאָט, ס'איז אַלץ איבערגעגאַנגען און מע האָט שוין קיין מורא ניט מעהר פאַר קיינעם, ווי אַלע מענשען, און מיר בעטען אייך, איך און זוגתי דבורה'ל, איהר זאָלט חלילה גאַר ניט איבער־טראַכטען, מיר און אַלע קינדערלעך יוסילע און פייגעלע און עזרי־אַליקעל און חנה'לע און גנענדיל זענען ברוך השם אַלע געזונד, און איהר זאָלט אונז למען השם באַלד אויסשרייבען אַלסדינג, וואָס הערט זיך ביי אייך, ווי אַזוי איז ביי אייך די פּאַגאָדע, און צו איהר זענט געזונד, און למען השם פון אַלסדינג באריכות!"

* * *

שוין לאַנג האָבען קלוגע מענשען בעמערקט אין זייערע בעַ־שרייבונגען, אַז אַזעלכע בריה'ס אויף צו לייענען צווישען די שורות, ווי אידען, געפינט איהר ניט אויף דער גאַנצער וועלט. בעוזייזט זיי אַ פינגער — וועלען זיי אייך טרעפען וואָס איהר מיינט. זאָגט זיי אַ וואָרט — וועלען זיי אייך באַלד זאָגען אַנדערע צוויי. נישטאָ פאַר זיי קיין פערשטעלטע שווערע זאַך, נישטאָ פאַר זיי קיין פערבאָרגענע רעטענישען.

דעם שוחט'ס איידעמ'ס בריוועל איז געגאַנגען מיד ליד, און דעם שוחט'ס איידעם אַליין איז נישט אַרוים ביי זיי פון מויל אויף קיין מינוט, און אַלע האָבען דערצעהלט איינס דאָס אַנדערע שרעק־ליכע מעשיות מיט אַלע פּישטשעווקעס, גלייך ווי זיי זענען אַליין געווען דערביי, און אַ שוואַרצער שאָטען, אַ ביטערע מרה־שחורה האָט זיך אויסגעצויגען איבער זייערע פּנימ'ער; צוגענומען גע־

וואָרען ביי זיי מיט אַ מאָל די פּרייליכקייט אויף שטענדיג. איין שטיקעל נחמה, איין שטיקעל האָפנונג איז געווען ביי זיי: טאָמער איז דאָס אַ דמיון, אַ ליגען — אַ קשיא אויף אַ מעשה, דעם שוחט'ס איידעם, אַ יונגערמאַן אַ משכיל און אַ שענער שרייבער אַ בעל־לשון־קודש, אפשר צוליעב דער שענער מליצה איז ער פערקראָכען דער רוח ווייסט וואוהין? וויים איך — פּזמונות, סע קאָן ניט זיין! און בכדי צו שטאַרקען איינער דעם אַנדערען און צעטרייבען די מרה־שחורה, האָט מען גענומען דערצעהלען שענע מעשיות פון די היינטיגע יונגע לייט די משכילים מיט זייער מליצה־שרייבען, וואָס איין אַנדערם מאָל האָט מען זיך בעדאַרפט האַלטען ביי די זייטען לאַכענדיג. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָס אַצינד האָט קיינער ניט געלאַכט. עס האָט זיי נישט גענומען קיינעם קיין געלעכטער. עפּיס אַ משונה־מאָדנער אומעט האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אַלעמען, און דאָס הארץ האָט איטליכען געזאָגט, אַז ד אַ ר ט האָט בעדאַרפט פּאַרקומען עפּים זעהר אַ מיאוסע מעשה, און דער עולם איז אַוועק צו זיידלען.

זיידעל, אונזער אַלטער בעקאַנטער זיידעל, דער איינציגער, וואָס שרייבט־אוים דאָס בלאַט, איז נאָר־וואָס געקומען פון דער פּאָסט אַ צעקאָכטער, אַ צעטראָגענער, דאָס פּנים פינסטער ווי די ערד און ווי אַנגע'ברוגז'ט אויף דער גאַנצער וועלט. און מע האָט זיך דערוואוסט, אַז די מעשה איז טאַקי איין אמת.

„אַ גליק, וואָס חאָטש דאָ אין כתרילעווקע קאָן אַזאַ חתונה ניט פּאַרקומען, וואָס דאָ קאָן אַזאַ־נ־אומגליק ניט געשעהן!"

אַזוי האָבען זיי זיך געטרייסט איינס דאָס אַנדערע, נאָר אין הארצען האָבען זיי זיך געטראַכט: אַ קשיא אויף אַ מעשה — ביי גרויסע ווינטען קאָן פון איין פונק אויך ווערען אַ שרפה, זיך אויסלאָזען מיט אַ העליש פייער. און די כתרילעווקער אידען האָבען זיך אַנגעהויבען פּאַוואָלינקע אַרומקוקען, וואו האַלטען זיי אַקאָרשט מיט זייערע שכנים, מיט די „אַנדערע פעלקער"...

## קאפיטעל ג.

רעדט פון חוועדאר דעם שבת־גוי און פון ערלים בכלל.

אויב חוועדאר דער שבת־גוי, וואס פערלעשט די ליכט פרייטאג־צו־נאכטס פאר גאנץ כתרילעוווקע, און האפקע די געשטופעלטע, וואס שמירט די הייזער און מעלקט די ציעגען פון דער גאנצער שטאדט, וכדומה נאך א סך אזעלכע ערלים קאן מען אנרופען מיט'ן נאמען „אנדערע פעלקער", מוזען מיר קומען דערצו, אז כתרילעוווקע האט כלל וכלל נישט געהאט וואס מורא צו האבען, און די דארטיגע אידען וואלטען זיך געקאנט זיצען רוהיג ביז משיח וועט קומען, ווארום זיי לעבען פון קדמונים מיט די דאזיגע „פעלקער" אזוי גוט, וואס בעסער קאן שוין, דאכט זיך, גאר ניט זיין. חוועדאר ווייסט וואויל, אז חאטש דער מיוחס, דער תושב אין כתרילעוווקע איז ער, פון דעסטוועגען מוז ער הייצען שבת ביי די אידען די הרובעס, פערלעשען זיי די ליכט און ארויסטראגען די פאמעניצע, וכדומה אזעלכע גראבע ארבייט, וואס ער איז צו זיי געוואהנט געווארען פון כמה וכמה יאהרען. און אויב איהר מיינט, אז עס פערדריסט איהם אפשר אויף אידען, האט איהר א טעות: ער פערשטעהט גאנץ גוט, אז ער איז ער און זיי זענען זיי; די גאנצע וועלט קאן ניט בעשטעהן פון סאמע גענעראלען, עס מוזען זיין אויך פראסטע סאלדאטען. אמת, א סך גענעראלען, דאס הייסט כתרילעוווקער אידען, וואלטען זיך אפשר געביטען מיט חוועדאר דעם פראסטען סאלדאט; נאר צוריק, אז מע וויל שמועסען דאס אייגענע פערקעהרט, מוז מען האבען גענעראלען אויך, פון סאמע סאלדאטען קאן די וועלט קיין קיום ניט האבען — און ביידע צדדים זענען צופריעדען: זיי, די גענעראלען פון כתרילעוווקע, וואס האבען ווער ס'זאל זיי בעדיענען, אז ס'קומט שבת, און ער, דער סאלדאט, וואס האט וועמען צו בעדיענען און חאפען ביי וועמען א שטיקעל קוילעטש און ביי וועמען א טרונק בראנפען.

— אחאַדי נאַ סיודי, חוועדאַר סערדצע! נאַ פּיי טשאַרקאַ לחיים, אַ סיבה דיר אין פּנים! — זאָגט מען צו איהם שבת נאָכ׳ן קידוש, און חוועדאַר טהוט אויס דאָס היטעל, האַלט דאָס גלעזעל מיט צוויי פינגער, בויגט זיך און ווינשעוועט אַלעמען אַ גוט יאָהר.

— דאַי באָזשע זדראַווסטוואַוואַט! — און ער קעהרט איבער דאָס גלעזעל מיט׳ן קאָפּ אינאיינעם און פערקרימט זיך שטאַרק-שטאַרק, מאַכט אַזאַ תנועה׳לע, גלייך ווי ער טרינקט דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען אַזאַ ביטערע משקה:

— דוזשע הירקע, נעהיי יאָמו סטאַ משערטיוו אי אָדנאַ ווידמאַ!*

— נאַ, זאַקוסי מיט אַ קרענק דיר אין די ביינער אריין, שמאַטאָק שבת׳קאָווע בולקע! — זאָגט מען איהם און מען איז איהם מכבד מיט אַ שטיקעל קוילעטש.

ווערליג די כתרילעווקער אידען שעלטען חוועדאַר׳ען מיט טוידטע קללות, קאָנט איהר אפּשר איבערקלערען, אַז מע מיינט דאָס חלילה ערנסט? זאָל איך גאָט היטען פון אַזאַ געדאַנק! זיי ווילען איך פאַר חוועדאַר׳ען ניט אַוועקגעבען קיין זאַק באַרשטש, דערפאַר וואָס ער איז איין ערל אַיין עהרליכער; גאָלד מעג ליגען — וועט ער זיך ניט צוריהרען, און טהון וועט ער אייך פאַר צעהן רוחות: אויסהייצען די הרובע, אַרויסגיסען די פּאָמע-ניצע, צוהאַלטען די ציעג ביז האַפּקע וועט זי אויסמעלקען, אריינ-טראָגען שפּענער, אָנגיסען וואַסער אַ פאַס, איבערשווייגקען דאָס געפעס, ווי אַ רעכטע בעל-הבית׳טע, און אונטער אַ נויט — זיך שטעלען צו-וויעגען דאָס קינד אויך. קיינער קאָן ניט אַזוי פער-שלעפערען אַ קינד, ווי חוועדאַר; קיינער קאָן ניט אַזוי זאַבאַווען, פערשפּיעלען אַ קינד, ווי חוועדאַר, קנאַקען מיט דער צונג, פּייפען מיט די ליפען, קלאַפּען מיט די פינגער, האָרחלען מיט׳ן האַלז און חרויקען ווי אַ חזיר וכדומה אַזעלכע שטיק. און דערפאַר האָבען

---

* שטאַרק ביטער, האָב דעם זיעבען שדים מיט איין מכשפה!

די כתרילעווקער אידישע קינדער ליעב דוקא חוועדאר׳ס שווארצע שטשעטינעדיגע מארדע און דוקא חוועדאר׳ס גראבע שטעכעדיגע סוויטקע, און ווילען ניט אראפ פון זיינע הענד. די כתרילעווקער בעל־הבית׳טעס זענען דערפון דוקא ווינציג וואס צופריעדען, ווייל עס מאכט זיך גאנץ אפט, אז די קינדער ווילען עסען, און ס׳איז ניטא וואס, קאן זיי אונטערדרוקען חוועאר בסוד א שטיקעל ברויט פון טארבע מיט עפים נאך און אנהאדעוועו זיי, חס וחלילה, מיט מי יודע וואס... נאר ס׳איז א טעות, חוועדאר וועט אזא זאך נישט טהון: ער ווייסט גאנץ גוט, אז דאס, וואס זיי עסען — מעג ער, חוועדאר, אויך עסען, און דאס וואס ער, חוועדאר, עסט — טארען זיי ניט עסען. פאר וואס? — דאס איז שוין ניט זיין עסק. למאי א בלאז טהון דאס ליכט אים שבת פון דער גרינג, אדער אנריהרען זיך ביי׳ם לייכטער, אדער אפטראגען דעם סדור אין שוהל אריין, וכדומה אזעלכע גרינגע ארבייט, איז ער — מעג, און זיי — ניט? קיין חקירות דערביי איז ניט שייך, און איטליכער בעדארף זיך האלטען ביי זיינעם. און טאמער מאכט זיך א מאל, חוועדאר קאן ניט איינהאלטען זיך און טהוט א לאך, למשל, פסח פון דער טרוקענער מצה: „דוזשע טרעשטשיט, נעחיי יאמו סטא טשערטיוו אי אדנא ווידמא!“ — האקט מען איהם אפ די פליגעל און מע ענטפערט איהם: „א טוואיא סוויניא, חזיר, לוטשע?“ — און חוועדאר בלייבט שטיל.

חוועדאר איז אבער שטיל נאר דעמאלט, ווען ער איז ניכטער, ביז ער פערטרינקט זיך ניט אזוי ווייט, אז ער פערגעסט, ווי אזוי מע רופט איהם. דאס טרעפט זיך מיט חוועדאר׳ען זעהר זעל־טען. נאר אז סע טרעפט זיך שוין מיט איהם, איז דעמאלט — חיות ניט זיכער! דעמאלט הויבט ער אן זיך שלאגען מיט די הענד אין הארצען אריין, וויינען מיט ביטערע טרערען און שרייען: וואס האט מען צו איהם? פאר וואס זויגט מען זיין בלוט, פאר וואס עסט מען זיין פלייש? אט געהט ער און מאכט א תל־עולם ביז גאנץ כתרילעווקע!...

— זשידי נעכריסטי, נעחיי יאמו סטא טשערטיוו אי אדנאַ
ווידמא!... — ער שרייט אזוי לאַנג, ביז ער ווערד אַנשלאָפען.
און אז ער שלאָפט זיך גוט אויס און שטעהט־אויף, קומט ער צוריק
צו די אידען און איז וויעדער דער אייגענער שטילער, עהרליכער
„חוועדאָר־סערדצע", וואָס פריהער, גלייך ווי גאר ניט געווען.

— אדע טוואי טשאַביטע, א קרענק דיר אין פנים? —
פרעגט מען איהם און מע הויבט איהם אן זאָגען מוסר און שעל־
טען בשעת מעשה מיט טוידטע קללות, ווי געוויינטליך: — „שאַ
טי סובי־דומאיעש, דו באַסיאַק איינער? דו וזעסט דאך פגר'ען
ערגיץ, בודעש זדאָכניט אונטער א פלויט, האָב דיר אַבציג שווארצע
יאָהר, די כפרה שאָב טי באוו פאר כל ישראל, רבונו־של־עולם!"

חוועדאָר שטעהט און קראַצט זיך אין דער פאַטיליצע און
שווייגט; ער ווייסט גאַנץ גוט, אז זיי זענען גערעכט און ער איז
אומגערעכט. ער קוקט אראָפּ צו זיך אויף די באָרוויסע פיס און
טראַכט זיך: וועןּ האָט ער געקאָנט פערקויפען די שטיוועל, נעחיי
יאָמו סטאַ טשערטיוו אי אדנאַ ווידמאַ?!

אָט אזא מין נפש איז חוועדאָר.

אויך די אַלע איבעריגע נפשות, וואָס אין כתרילעווקע, האָבען
שטענדיג א פערקעהר מיט אידען, ווייסען וואהל, אז משׁשת ימי
בראשית זענען די אידען בעשאַפען געוואָרען, זיי זאָלען זיין קרע־
מער, סוחרים און איבערקויפערס; וואָרום קיינער קאָן אזוי ניט
האנדלען, דרעהען מיט'ן קאָפּ, ווי א איד, כי לכך נוצרת, אויף
זייער לשון קומט דאָס אויס: „נאַ טאָ וואָני זשידי, שאָב האנד־
ליאוואלי"... און מע בעגעגענט זיך גאַנץ אָפּט אויפ'ן מארק,
און מע קען זיך איינס דאָס אַנדערע זעהר גוט ביי די נעמען, און
מע גיט זיך אָפּ כבוד איינס דאָס אַנדערע: הריצקאָ זאָגט
הערשקען „מאַשעניק", און הערשקע זאָגט הריצקען „זלאָדי", און
דוקא אין גוטען מוטה, און אז מע צעקריעגט זיך שוין גאר שטאַרק,

געהט מעןביידע „דא ראבינא“, און רב יוזיפיל דער רב, וואס איז שטארק געחאפט אין דעם לשון, פסק'עט אלע מאל אויף דער האלב: „נעחאי באולא פאלאווינע“ — אבי נישט דערלאזען צו א חלול השם.

## קאפיטעל ד.

האפקע א אידישע נשמה און מאקאר א שונא־ישראל.

האבען מיר גערעדט ביז אהער פון ערלים. אצינד וועלען מיר אביסעל שמועסען וועגען האפקע די געשטופעלטע.

האפקע רעדט אידיש, ווי א אידיש קינד; אין איהר שפראך ווארפען זיך דורך א גוזמא לשון־קודש־ווערטער, למשל: „מירטשעז, נאכטייסע, קענארע ניט, לאסאטע, לאוודל, גוטיאנטע, מאחריינ־וואסער“ און נאך א סך אזעלכע ווערטער; און חוועדאר הינטער די אויגען האט ביי איהר קיין אנדער נאמען ניט, א חוץ „כפרה'ניק“. האפקע איז אזוי צענויפגעוואכסען מיט די כתרילעווקער וייבער, אז ס'איז פארהאן צייטען, וואס סאי זיי, סאי זי אליין פערגעסען זיך וואס זי איז און ווער זי איז, און מע שאפט זיך מיט איהר אזעלכע ארבייט, וואס געהערען זיך אן צו לויטער אידישקייט. למשל: געהן צום רב מיט אשאלה, העלפען אויסזאלצען־פלייש, כשר מאכען די עופות, העלפען אריינשלעפען דעם פסח אין שטוב אריין וכדומה אזעלכע זאכען, וואס האפקע איז אין דעם געהיט מעהר ווי איין אנדער אידיש קינד. זי ציטערט פאר מילכיגס מיט פליישיגס אימת מות און היט זיך פאר חמץ אלע זיעבען טעג פסח, עסט גלייך מיט אלע אידישע קינדער מצה, רייבט דעם מרור אויף וואס די וועלט שטעהט, און האט דערפון הנאה, ממש ווי א אידישע טאכטער. א לאנגע צייט האט דער כתרילעווקער פריסטאוו ניט געוואלט גלויבען, אז האפקע איז נישט קיין אידישקע, ביז ס'האט זיך געטראפען מיט איהר א מעשה, זעהר ניט קיין שענע... האט מען זי געפאקט און געוואלט פערשיקען וויים־ווייט, איז געוועזן איהר גליק, וואס אין דער מעשה איז געוועזן פערמישט

א זייטיגער פארשוין, דער שרייבער פון דער מעשטשאנסקע אופּראַ־וועּ, מאקאר חאלאדנע, א גרויסער שונא־ישראל, איין אמת'ער צורר־היהודים, איינער פון די גרעסטע אינטעליגענטע אנטיסעמי־טען אין כתרילעווקע. ווען ניט דער רחמנות פון האפקען, וואלטען די דארטיגע אידען דערלעבט א נקמה אין דעם המנ'ען, נאר מחמת מיט מאקאר'ס מפלה וואלט בעדארפט אומגליקליך ווערען אויך האפקע, האבען די אידישע עדות זיך א נעם געטהאן צוריק און געזאגט פאר'ן סלעדראוואטעל, אז דאס, וואס זיי האבען גערעדט, האבען זיי געבילט — און דער עסק איז צעריבען געווארען... פון דעמאלט אן וואלט, דאכט זיך, מאקאר חאלאדנע בעדארפט שלום ווערען מיט די אידען און ווערען זיי דער בעסטער גוטער פריינד; נאר ווי עפּיס דורך א מין קאפּריז פון דער נאטור איז ער, אדרבה, געווארען נאך מעהר שונא ישראל, נאך מעהר צורר־היהודים, נאך מעהר אנטיסעמיט, ווי פריהער.

מאקאר האט פון קינדווייז אן, קאן מען זאגען, געליטען צרות פון אידישען פאלק און געטראגען א שנאה טיעף אין הארצען תחילת אויף די כתרילעווקער אידען אליין, און נאכדעם — אויף אלע אידען פון דער גאנצער וועלט. נאך בשעת ער איז געווען גאר א קליינער, געטריבען א בארוויסער דעם טאטענ'ס גענז אויף דער פּאשע, פלעגט ער ניט איין מאל בעגעגענען זיך מיט אידישע קינדער געהן פונ'ם חדר, און אנשטאט א „גוט מארגען" פלעגט ער זיי, אויף קאטאוועס, געוויינטליך, איבערקרימען ווי זיי רעדען „טאטעלי־מאמעלי", טרייסלען בשעת מעשה מיט א פאלע, נישט צו מיינען דערביי חלילה עמיצען בעלעדיגען, נאר גלאט אזוי אין גוטען מוטה. אידישע קינדער אבער, צאן־קדשים, יעקב'ס אייניקלעך, וואס לערנען חומש מיט רש"י, האבען זיך דוקא גע־פונען פאר אזא זאך בעלעדיגט און האבען איהם אפּגעענטפערט מיט א אידיש ליעדעל, וואס חאטש מאקאר האט די ווערטער ניט געקאנט פערשטעהן, נאר פונ'ם נוסח און פון זייער לאכען האט ער גאנץ גוט ארויסגעזעהען, אז דאס מיינט מען איהם דער־

לאנגען ביז׳ן ביין אריין, און מאקאר האט קיין טעות ניט געהאט. אט האט איהר דאס ליעדעל אליין:

קישקעס קאכען
אין דער וואכען!
מיר א ברויט,
דיר א טוידט!
מיר א וואגען,
דיך באגראבען!
מיר א שליטען,
דיך באשיטען!

נארישע קינדער! ערשטענס, איז די מעשה פונקט קאפויר: ברויט האט מאקאר, ניט זיי; אויף א שליטען פאהרט מאקאר, ניט זיי! און צווייטענס, ווי אזוי שטעלען זיך דאס איין איהישע קינדער, זיי מעגען זיין א גאנצער מנין, זאטשעפען זיך מיט מאקארען, ער מעג זיין איינער? מאקאר האט, נישקשה, א פאר ידים, וואס קאן בעשטעהן פאר צעהן גוטע שארפע שפיציגע קעפלעך פון די בעסטע צעהן אידישע חדר־יונגלעך. מאקאר האט זיי דעמאלט נאך, אוי־אוי, געגעבען צו פערשטעהן דעם פשט פון׳ם פסוק, וואס זיי האבען געלערענט אין חדר: „ה ק ו ל ק ו ל י ע ק ב ו ה י ד י ם י ד י ע ש ו“...

שפעטער, אז מאקאר האט געשטודיערט אין „פריחאדסקאיע“, האט ער געהאט מיט זיי בעגעגענישען זומער אין פעלד, הינטער דער שטאדט, און ווינטער אויפ׳ן אייז, בשעת׳ן גליטשען זיך. און אלע מאל האט געמוזט ארוים עפים א מחלוקת צווישען ביידע צדדים. אויף דעם נאמען „זשיד“, וואס, אייגענטליך, איז דאך עס גאר א געוויינטליךווארט, ווי למשל „פארד“, האבען זיי איהם גראב געענטפערט: „סוויניא“, און אויף זייערע איינגעגעבענע ליצנות האט ער זיי געענטפערט מיט קלעפ און האט זיי גאנץ אפענטליך בעוויזען, ווי אזוי די קינדער ישראל אנטלויפען פאר די פלשתים, און ווי אזוי די פלשתים יאגען זיי נאך און הינטע־

מיט שטעקענס און מיט שטיינער, הוקען און טיוקען און פייפען און סוויסטשען:

„א טיו — טיו, זשידי, היי
טערי — טער — טער!...“

## קאפיטעל ה.

**בעוויזט, ווי אזוי עס ווערד פון איין אנטיסעמיט א פילאזאף.**

ווייטער פון דער „פריחאדסקאיע“ איז מאקאר נישט גע־גאנגען; ער איז געבליבען, ניט דא געדאכט, א יתום, גע'ירש'עט פון די עלטערען א קליין שטיבעל מיט א שטיקעל גארטען, און א יודע־ספר איז ער דאך געווען, האט ער זיך באלד א ווארף געטהאן צו דער „סלוזשבע“, זיך גענומען צו דער פען, בעקומען איין, אויס־געשריבען הענטעל און געווארען אין דער כתרילעווקער מעשטשאנ־סקע אופראווע שרייבער, און נאכדעם סעקרעטאר, און נאכדעם כל ולך — און דארט האבען זיך ערשט אנגעהויבען זיינע בענגענישען מיט זיין רעכט בעקאנט־ווערען מיט די כתרילעווקער אידען...

די סטיטשקעס, וואס ער האט מיט זיי געהאט, זענען תחילת געווען אפילו ניט אזוי געפעהרליך.ביידע צדדים האבען זיך בע־נוגענט נאר מיט שארפע אנצוהערעניש, מיט שטעכווערטלעך און מיט ליצנות איינס אויף דאס אנדערע. ער זיי: „איצקא, בערקא, אי ווער, שבת, קוגעל!“ און זיי איהם: „וואשע־בלאהאראדי“ מיט א שנעל איבער'ן קאלנער און מיט איין אנצוהערעניש, אז דארט קריכט עפיס ארום...

עס מאכט זיך אמאל, הערט איהר, איין אנצוהערעניש, וואס איז ערגער צעהן מאל ווי אין טאטען אריין געשאלטען, און פארהאן ווערטער, וואס זענען ערגער טויזענד מאל פון פעטש. און אויף ווערטער זענען דאך די כתרילעווקער אידען די ערשטע בריות, די גרעסטע מזיקים אין דער וועלט! פאר א גלייכווארט וועט אייך

אַ כתרילעווקער, ווי עס איז שוין בעוואוסט אויף דער גאַנצער וועלט, ניט זשאַלעווען געהן צעהן מייל צופוס, ריזיקירען מיט פּרנסה, איינשטעלען כמעט דאָס לעבען. אַ כתרילעווקער עני, אַ מקבל, דער וואָס געהט איבער די הייזער, אַז ער קומט נאָך אַ נדבה און מע גיט איהם ניט, בעט ער, מע זאָל איהם חאָטש לאָזען זאָגען אַ משל, און סע מאַכט זיך אָפטמאָל, אַז ער בעקומט פאַר אַזא משל אַ מיאוסען פּסק; ער עפענט טאַקי מיט'ן קאָפּ די טהיר, ס'איז אָבער אַלץ כדאַי — אַבי אויסגעבראַכט אַ גלייכווערטעל. אָט אַזעלכע לייט זענען מיינע כתרילעווקער, און איהר האָט אַ טעות, אויב איהר רעכענט, אַז מע וועט זיי איבערמאַכען. און אויב איהר מיינט, אַז איך טהו מיך מיט זיי שעמען... נאָר מיר קעהרען זיך אום צוריק צו אונזער מאַקאַר.

אומזיסט־אומנישט האָבען זיך די כתרילעווקער אידען געקויפט אַ מסוכנ'עם שונא. זיי האָבען זיך פערגעסען אינ'ם פּסוק: ה ז ה ר ב ג ו י ק ט ן. זיי האָבען געמיינט, אַז מאַקאַר וועט אייביג זיין אַ שרייבערעל אין דער מעשטשאַנסקע אופּראַווע. זיי האָבען פערגעסען, אַז ער איז אַ „טאַטענס אַ קינד" און שניידט זיך אויף אַ טשין. און מערקווירדיג! זיי האָבען גאָר קיין צייט ניט געהאַט זיך אַרומקוקען, איז שוין מאַקאַר אויסגעוואַכסען אַ גרויסער, אַ געזונדער, מיט געדיכטע שוואַרצע וואָנסעס, מיט אַ רויטען אַקאָלעשעק און מיט אַ קנעפּעל אויפ'ן קאַשקעט! און קוים האָט ער אָנגעטהאָן דאָס קנעפּעל, אַזוי האָט ער זיך באַלד אויסגעבויגען, אַרויסגעשטעלט דעם בויך, געוואָרען העכער און גרעבער ווי ער איז געווען, בעקומען אַ פּאָר ברייטע אַכסלען מיט אַ מאָרנעם שפּאָן — גאָר נישט דער מאַקאַר! ער הייסט שוין גאָר אַ נייעם נאָמען — מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, און איז אַ גוטער ברודער מיט אַלע פּריצים אין שטאָדט: מיט'ן וועטערינאַר, מיט'ן פעלדשער און מיט'ן פּאָסט־מייסטער, און מיט אַלע.

די גוט־ברודערשאַפט זיינע מיט'ן פּאָסט־מייסטער איז איהם מעהר צונוץ געקומען, ווי אַלע אַנדערע בעקאַנטשאַפטען, מחמת דאָ,

אויף דער פּאָסט, איז געווען אַ קוואַל. פון וואַנען ער האָט געשעפּט זיין השכלה און אַלע וויסענשאַפטען פון דער איינציגער גאַזעט „די פּאַהן“, וואָס פריהער האָט זי דורכגעקוקט, געוויינטליך, דער פּאָסט־מייסטער אַליין, נאָכדעם מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, און נאָכדעם שוין דער אַבאָנענט פון דער גאַזעט. אַ פּריצ'על פון זלאָ־דיעווקע, ניט וויים פון כתרילעווקע. וואָס איז ניט קראַנק געווען צו לייענען די נייעסען שפּעטער מיט עטליכע טעג, דער רוח וועט איהם ניט נעמען, ער שפּיעלט סאַי ווי סאַי טאָג ווי נאַכט אין סטו־קעלקע און בענעמט די שכנים אַלע אָרום און וואו זיי האָבען ערגיץ אַ גראָשען. אַזוי האָט געזאָגט דער פּאָסט־מייסטער אַליין. און מאַקאַר פּאַוולאָוויטש האָט דערווייל געהאַט וואָס צו לייענען און פון וואָס צו רעדען. און מחמת „די פּאַהן“, ווי ס'איז בע־וואוסט, איז דאָך אַ אידישע צייטונג, זי טראָגט שטאַרק אויפ'ן קאָפּ די אידען, זאָרגט זיך פון זייערטוועגען, זוכט מיטלען ווי אַרום מע זאָל זייערער פּטור ווערען, פערשטעהט זיך. טאַקי גאָון זייער טובה וועגען, האָט דאָס געגעבען אונזער מאַקאַר'ען שטאָף אויף צו בעקענען זיך גוט מיט אידען אַרום און אַרום פון אַלע זייטען, און ער איז געוואָרען מיט גאָט'ס הילף אַ חריף אַ געזונדער אין אידישע ענינים, אַ גאון־עולם אין תלמוד און אין שלחן־ערוך און אין אַלע אידישע דינים און מנהגים: מכח פּראָצענט נעמען, מכח אָפּנאַרען און אויסנאַרען, און אפילו מכח בענוצען כריסטליך בלוט אויף פּסח. די אַלע זאַכען האָבען אונזער פילאָזאָף מאַקאַר אַזוי שטאַרק פּעראינטערעסירט, אַז ער האָט דאָס געוואָלט דער־געהן טאַקי פונ'ם מקור, פונ'ם שורש, טאַקי ביי די כתרילעווקער אידען אַליין, וואָס חאָטש ער האָט זיי פיינט, ווי אַ איד חזיר, פון דעסטוועגען האָט ער צווישען זיי גוטע פריינד, וואָס ער לעבט מיט זיי נאָך עד היום גאָר קיין מעשה ניט.

## קאַפּיטעל ו.

### מרדכי־נתן דער נגיד און טעמע־ביילה זיין „פּרוי“.

איינער פון די ערשטע גוטע פריינד מאקאר'ס אין כתריִ־לעוועקע איז מרדכי־נתן דער נגיד און דער חשוב אין שטאָדט, וואס איז שקול כנגד אַ סך, אַ סך אַנדערע בעלי־בתים.

דער נגיד מרדכי־נתן, ווי געוויינטליך אַ נגיד, האלט די שטאָדט ביי זיך אין בוזעם, טהוט מיט איהר וואס ער וויל, וואָרום ער איז בעל־טאַקסע, ער איז גבאי, ער איז ראש וראשון, ער איז דער רעדעלפיהרער, ער איז אַלץ — מיט איינעם וואָרט, ער איז דער נגיד. חאָטש, אַז מע וויל שמועסען אין תוך אַריין: אין וואס בעשטעהט זיין נגידות'שאַפט — דאָס ווייסט קיינער נישט. למשל, אַז איהר וועט אָנחאַפּען אַ כתריִלעוועקער און אַ פרעג טהון איהם: וויפיעל, אַשטייגער, פערמאָגט מרדכי־נתן? וועט ער זיך אָפּ־שטעלען, זיך אַ נעם טהון ביי'ם בערדעל, אַ מאַך טהון מיט'ן קאָפּ און אויסציהען מיט אַ ניגון און מיט אַ טיעפען זיפץ דערביי:

— מרדכי־נתן? חוץ זיין שאָדען אויף מיר געזאָגט געוואָ־רען, חאָטש האלב, חאָטש אַ הונדערט־חלק; איהר שפּיעלט זיך מיט מרדכי־נתנ'ען? מרדכי־נתן איז אַ איד אַ נגיד!

— וואָס־זשע הייסט אַ נגיד? אין וויפיעל, אשטייגער, קאָן מען איהם שאַצען?

— שאַצען? שייך זאָגען שאַצען? עס לאָזט זיך דען אָפּ־שאַצען?

— פאָרט וואָס האָט מרדכי־נתן?

— מרדכי־נתן? ערשטענס, האָט מרדכי־נתן אַ שטוב איין איינענע.

— נו?

— מיט אַ הויף איין אייגענעם.

— נו?

— מיט ציגען עטליכע.
— נו ?
— היינט די קלייט ? א שארפע קלייט !
— נו ?
— היינט די טאקפע ?
— נו ?

— ווידער א מאל נו און אבער א מאל נו, וואס האט איהר זיך צענוקעט ? א אידען איז דיר נאך קארג ! וואס האט איהר געוואלט ? ער זאל עפענען א באנק ? שיטען מיט גאלד ? פאה־רען אין קארעטעס ?

און דער כתרילעווקער געהט אוועק פון אייך א ברוגז'ער — און איז גערעכט. ווארום וואס קאן א מענש פערלאנגען מעהר ווי מרדכי־נתן איז, אז ער איז פארט דער נגיד, פארט דער ראש וראשון, פארט דער חשוב אין שטאדט ? ווער איז גבאי אין חברה־קדישא ? ווער איז ראש וראשון ? ווער איז תקיף אין שטאדט ? מרדכי־נתן. ווער מאכט אלע שבת־צו־נאכטס א מלוה־מלכה'לע פאר די שבעה טובי העיר ? מרדכי־נתן. ווער איז א חשוב ביי נאטשאלסטווע ? מרדכי־נתן. הכלל — מרדכי־נתן, מרדכי־נתן !

מרדכי־נתן, פערשטעהט איהר, ווייסט ווי אזוי מע בעדארף זיך בעגעהן מיט א וועלט, ווי אזוי מע בעדארף זיך פיהרען מיט נאטשאלסטווע. אלע פרייטאג־צו־נאכטס האט ער צו־גאסט ביי זיך אויף פיש דעם פריסטאוו. דער כתרילעווקער פריסטאוו איז א גרויסער ליעבהאבער פון אידישע פיש, און אלע מאל, ווען ער עסט זיי, קאן ער זיך גאר ניט אפלויבען, ווי אזוי גוט מע קאכט ביי אידען פיש, ווי בע'טעמ'ט זיי זענען, זיס ווי צוקער — ממש ער לעקט די פינגער.

— נעמא לוטשע יאק זשידאווסקא ריבא סטיארטעט הרע־נאם ! — זאגט ער אלע מאל מיט דעם אייגענעם נוסח.

דעם בעל־הבית און דער בעל־הבית'טע איז דער קאמפלימענט, אפנים, שטארק געפעלען, מחמת זיי קוועלעןביידע, ווערען ברייטער ווי לענגער, שוויצען אזש פאר תענוג, און מרדכי־נתן וויל איינרעדען דעם גאסט, אז ס'איז פארהאן ביי אידען נאך בעסערס ווי פיש מיט חריין. דער גאסט וויל ניט גלויבען:

— דהיינו?

— דהיינו...

און מרדכי־נתן זוכט עפים אזעלכעס ביי אידען, וואס זאל זיין נאך בעסער פון פיש מיט חריין, און האט מורא ארויסזאגען. צימעס? טאמער בלייבט ער ווארטען ביז'ן צימעס — וואס דארף ער איהם? קוגעל? טאמער הייסט ער עפענען דעם טשאלענט אין מיטען פרייטאג־צו־נאכטס? א קשיא אויף א מעשה, וואס עס קאן זיך טרעפען מיט א אידישען קוגעל?... און מרדכי־נתן קומט־אפ מיט א קליין געלעכטערל: „הע־חע". דערויף ענטפערט איהם דער גאסט: „חע־חע־חע". און מרדכי־נתן איז צופריעדען, וואס יענער לאכט, העלפט ער איהם לאכען: „הע־חע־חע־חע!" און בשעת מעשה דערלאנגט דער גאסט דעם בעל־הבית מיט'ן עלעבויגען אין זייט אריין און א שמייכעל צו דער בעל־הבית'טע און דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע ווערען צעשמאלצען פאר תענוג.

פלוצים חאפט זיך אויף דער גאסט, ווישט זיך אוים די הענד און דאס מויל מיט'ן קלאר ווייסען טישטוך פונ'ם טיש, פערשפילעט זיך אויף אלע קנעפ און טהוט א זאג שוין ערנסט, אהן א שום סימן פון ליצנות:

— צייט אויף „סלוזשבע"!...

און מרדכי־נתן מיט טעמע־בייל'ה'ן שטעהען אויף לכבוד דעם גאסט, איהם בעגלייטען, קוקען איהם אין פנים אריין מיט אזעלכע אויגען, ווי א הונד קוקט אויפ'ן בעל־הבית, וויל וויסען מיט וואס ער שמעקט, בויגען זיך און נייגען זיך און בעטען איהם, ער זאל חלילה ניט פערגעסען קומען איבערנאכטאג שבת...

— מיט׳ן קאפ אין דער ערד! — בענשט איהם די בעל־הבית׳טע אויף דער זייט טהיר און קאכט און זידט און ברענט אויפ׳ן מאן, וואס טאג ווי נאכט, און אפילו שבת, האט ער צו טהון מיט נאטשאלסטווע. מרדכי־נתן הערט און שווייגט: ער האט אנגענומען א פולע מויל מיט וואסער און שווייגט. א מאד־נער מענש אט דער מרדכי־נתן! דער מחבר פון דער געשיכטע קאן זיך נישט איינהאלטען און חאפט אראפ דעם פארטרעט פונ׳ם דאזיגען פארעל, בכדי בעקאנט צו מאכען מיט זיי די גאנצע וועלט.

מרדכי־נתן איז א איד א הויכער מיט לאנגע הענד, אליין איז ער דאר און טרוקען, און מחמת די באקען סטערטשען, קומט אויס דאס פנים פיערעקעכיג, ווי ביי א חינעזער, און קוים־קוים בע־וואכסען מיט א שיטער בערד׳על. די ליפען זענען ביי איהם תמיד צו, דאס מויל אביסעל אויף א זייט, זעהט אויס, ווי ער האלט א סוד ביי זיך שטענדיג פערבארגען, און שטענדיג איז ער ערנסט, און דער שטערן איז פול מיט קנייטשען, און רעדט נישט קיין־מאל הויך, קיין איבעריגווארט נישט. נאר דעמאלט, ווען ער קומט זיך צענויף מיט נאטשאלסטווע, איז דאס גאר איין אנדער מרדכי־נתן: די קנייטשען פונ׳ם שטערן צעגעהען זיך, ווערען פערשוואונדען, דאס פנים הויבט אן צו שיינען און די ליפען ווע־רען אפגעשלאסען, און דאס מויל גלייכט זיך אויס, הויבט אן צו רעדען — שוין גאר ניט דער, גאר איין אנדער מרדכי־נתן. טאמער ווייסט איהר, צוליעב וואס קאכעט ער זיך אזוי אין נא־טשאלסטווע? נאר צוליעב כבוד, צוליעב גדלות, בכדי טאמער וועט אמאל א כתרילעווקער עפיס דארפען האבען, וועט ער קומען צו געהן מיט א געבעט: „סטייטש, רב מרדכי־נתן, ווער נאך איז אזא חשוב ביי נאטשאלסטווע, ווי איהר?" צוליעב דעם איינעם ווארט „חשוב" איז ביי איהם כדאי, סע זאל איהם קאסטען אי בזיונות, אי געלד — א מאדנער מענש אט דער מרדכי־נתן!

מרדכי־נתנ׳ס ווייב — טעמע־ביילה די נגידית איז דוקא א אידינע א נידעריגע און א גראבע, זעהט אויס ווי א מעשען שטוי־

סעל, אָדער ווי אַ בייכיג סאַמאָוואַרעל מיט אַ קליין שפּיציג טשייניקעל אויף דער קאַנפאָרקע. ווי גראָב און קיילעכיג זי איז פון אונטען, אַזוי קליין און שפּיציג איז דאָס קעפּעל, און שטענ־דיג זידט דאָס, דאָס בייכיגע סאַמאָוואַרעל, זידט און זשומעט, אין כעס אויפ׳ן מאַן, אין כעס אויף דער דיענסט, אין כעס אויף די כתרילעווקער ציעגען, אין כעס אויף די כתרילעווקער ווייבער, אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט! דאָס גאַנצע גליק איז, וואָס סאַ דער מאַן, סאַ די דיענסט, סאַ די כתרילעווקער ציעגען און ווייבער, סאַ די גאַנצע וועלט הערען זי, ווי פּסח דעם קאַטער, אָדער ווי המן דעם גראַגער. דער מאַן האָט צו טהון שטענדיג מיט קהל׳שע געשעפטען, מיט נאַטשאַלסטווע; די דיענסט טהוט איהר אויף צו־להכעיס, ברענט־צו די קאַשע, פער׳שרפה׳ט די קאָר־טאָפּליס, זידט־איבער די מילך אין אויוען; די כתרילעווקער ציעגען טהוען איהר צום טוידט, שפּרינגען אויפ׳ן דאַך און צוב־איינציגווייז די שטרוי פון דער סטריכע; די כתרילעווקער ווייבער דערגעהען איהר די יאָהרען אין מאַרק ביי די פיש, אין יאַטקע ביי׳ם פלייש, אין שוהל ביי די תחינות, אוז להבדיל אין באָד אפילו... ניין, די וועלט האַלט ניט פון טעמע־ביילה׳ן! און מסתמא איז דאָ פאַר וואָס. אַ וועלט איז ניט משוגע...

אַצינד, אַז מיר האָבען זיך אַביסעל בעקענט מיט׳ן דאָזיגען פּאָרעל, קאָנען מיר שוין, דאַכט זיך, רוהיג געהן ווייטער, צו די איבעריגע נפשות, וואָס מרדכי־נתן דער נגיד רייבט זיך אָרום זיי אַזוי שטאַרק.

## קאַפּיטעל ז.

### דער „אָרון־בפקדך" ביי׳ם נגיד אין קלייט און אין שטוב.

דער אַנדערער גאַסט ביי מרדכי־נתן דעם נגיד איז אונזע־בעקאַנטער מאַקאַר, מאַקאַר פּאַוולאָוויטש. נאָר ניט קיין שטוב־גאַסט — אַ קלייט־גאַסט, אַ גאַסט, וואָס קומט צו איהם אָפט אין

קלייט אריין, אין דער שניט־קראַם. מרדכי־נתנ׳ס שניט־קראַם, דאַרפט איהר וויסען, איז דאָס ערשטע געוועזען אין כתריל־לעווקע, וואָס דאָרטען קריגט איהר אַ חוץ דעמיקיטאָן, ריפּס, ליוסטרינע, פּאַרוסינע, ציץ און זאַנע און מאַדעפּאָלאַן, אויך דראַפּ און טריקאָ און שעוויאָט און סאַמעט און אַטלעס און סאַטין און מוסלין און אַלסדינג, וואָס אַ האַרץ גלוסט — „נאָך די לעצטע מוסטערען, וואָס מע קריגט דאָס ניט אפילו אין יעהופּעץ". אזוי זאָגט מרדכי־נתן, און אזוי זאָגט מרדכי־נתנ׳ס ווייב, טעמע־ביילה, און אזוי זאָגען מרדכי־נתנ׳ס קלייט־משרתים, און געהט זאָגט זיי, אַז ניין! אַלע פּריצים פון כתריל־עווקע און פון דער סביבה זענען מרדכי־נתנ׳ס קונים, און דאָס רוב כריסטען גלויבען איהם אויף נאמנות. אַז מרדכי־נתן אַליין זאָגט זיי נאָר דאָס איינע וואָרט „בנאמנות", דינגט מען זיך שוין ניט. טעמע־ביילה מעג זיך שווערען מיט כל השבועות שבעולם, איז דאָס ארויסגעוואָרפען, און מרדכי־נתנ׳ס איין וואָרט „בנאמנות" איז קודש קדשים. אָט אזוי איז דאָס — קיין קשיות פרעגט מען ניט.

אויך מאַקאַר איז איינער פון מרדכי־נתנ׳ס קונים, וואָס האַנדלען מיט איהם אויף נאמנות. מאַקאַר איז זיינער אַ קונה שוין פון לאַנג, נאָך פון יענער צייט, אַז ער איז נאָך ניט געווען מאַקאַר פּאוולאָוויטש, נאָר מאַקארקע, און וואָס דעמאָלט פלעגט מרדכי־נתן איהם ניט וועלען געטרויען אויף באַרג קיין פאַדעם אפילו; ער פלעגט זיך ניט שעמען איהם זאָגען גאַנץ פשוט:

— נתן מיעות לקח קמח, וואַשי הראַשי, נאַשי טאָוואַר.

שפּעטער, אַז מאַקאַר איז געוואָרען אַ שמיקעל מאַכער אין דער אופּראַווע, האָט איהם שוין מרדכי־נתן געעפענט אַ קרעדיט, געוויינטליך, אויף אַ קוויטעלע, אַ וועכסעלע, געזאָגט איהם בי־עת מעשה שוין מיט אַ שמייכעלע, האַלב אויף גוייש, האַלב אויף לשון־קודש:

— נע וויבאַטשייטע, פּאַניטשע, שלום בבית מישכון בקעשעני...

נאָך שפּעטער, אַז מאַקאַר האָט אָנגעטהאָן אַ קנעפּעל און אַ הענג־קאַלנער, האָט איהם מרדכי־נתן געעפענט אַ שענעם קרעדיט, און מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, אַז ער קומט אַריין אין שניט־קראָם אַריין, טראָגט איהם מרדכי־נתן אַקעגען דאָס בענקעל און בענשט איהם מיט אַ טיטול „וואַשע וויסאָקאָבלאָהאָראָדיע“, און מאַקאַר פּאַוולאָוויטש צעלעגט זיך גאַנץ ברייטליך, פערוואַרפט אַ פוס אויף אַ פוס, פערדרייט אַ פּאַפּיראָס און שמועסט זיך אויס מיט מרדכי־נתנ'ען גאַנץ פּראָסט, בלשון „דו“, גאָר פריינדליך:

— עי, פּאָסלושאַי, מרדכי־נאָס!

און מרדכי־נתן שטעהט פאַר איהם מיט אַ געמאַכטען דרך־ארץ, מיט אַ געמלאכה'טען רעשפּעקט, און טראַכט זיך בשעת מעשה: „פון וואַנען האָסט דו זיך גענומען אַהער, אדון בפקדך?“ און דער „אדון בפקדך“ מאַכט אַ רעד מכח אידען, אידישע גע־שעפטען, שאַכער־מאַכער, און לאָזט אַרויס אַלע מאָל אַ הויכען געלעכטער מיט אַ מאָדנעם הוסט, וואָס דערלאַנגט מרדכי־נתנ'ען, ווי מיט איין אַרשין אין דער זיבעטער ריפּ, נאָר ער האַלט זיך איין און שמייכעלט מיט אַ פאַסקודנע געמאַכטע שמייכעלע, וואָס ווען מרדכי־נתן זאָל זיך קאָנען אָנקוקען בשעת מעשה אין שפּיעגעל, וואָלט ער זיך אַליין נמאָס געוואָרען.

דער שמועס פונ'ם „אדון בפקדך“ דרעהט זיך אַלץ אַרום אַזעלכע זאַכען, וואָס מרדכי־נתן הערט זיי אין דער לינקער פאה, אין איין אויער אַריין, פונ'ם אַנדערען אַרויס; וואָס ווייטער־ווייטער געהט ער אַריבער אויף אַזעלכע ענינים, וואָס מרדכי־נתן קאָן עס שוין ניט האָרכען, למשל: ער פרעגט ביי איהם, צי ס'איז אמת, וואָס די אידען שעלטען אַלע שבת אין שוהל די איבעריגע פעלקער מיט דער תוכחה, און שפּייען אויפ'ן קלויסטער, און אַז אַ כריסט געהט אַוועק פון אַ אידען, בעדאַרף מען אויסגיסען נאָך איהם די פּאָ־מעניצע? וכדומה אַזעלכע שטות'ערייען, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען:

מרדכי־נתן וויל זיך אויסדרייען פון זיינע הענד, פער־שלאָגט איהם האַקע־באַקע, מכח אופּראַווע, מכח קאַראַבקע, סוועטשנע סבאַר. ווער־וואס? ער לאָזט זיך ניט פּערדרעהן די צייהן, חאַטש גיב איהם אַ קרענק! ער טרעט־צו צו איהם איין מאָל פּאַר אַלע מאָל: ער זאָל זיך איהם נאָר מודה זיין. מרדכי־נתן פּרובט זיך מיט אַ ליצנות, פרעגט איהם: „וואו האָט דאָס זיין וויסאָקאָבלאַהאָראָדיע געשטודירט אַזעלכע דינים?“ מאַקאַר קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין און פאַלט אויף אַזאַ מין המצאה: ער טהוט איהם אַ חאַפּ פּלוצים אומגעריכט, ווי זאָגט מען — צוגעקוועטשט צו דער וואַנד:

— נו, און בלוט?

— וואָסער בלוט?

— פּסח?... מצה?... הא?...

און מרדכי־נתן פאַלט אויך אויף אַ גלייכער המצאה: ער טהוט אַ ריהר דעם אַדון איבער דער פּלייצע, אַ גלעט דעם הענג־קאָלנער, און מיט אַ פּאַסקודנע געלעכטערל פון אַ הונד אַ חונפ׳־ניק טהוט ער איהם אַ זאָג, אַז דער אַדון איז אַ גרויסער ליץ, חע־חע־חע! און אַז דער אַדון הויבט זיך אויף און געהט אַוועק, זאָגט אויף איהם מרדכי־נתן אַ שבח, אַז דער „אַדון בפקדך“ איז אַ שווערער אַדון, דאָס הייסט, מע קאָן אויף איהם ניט זאָגען, ער זאָל זיין אַ רשע — חלילה! נאָר גלאַט אַ כלב שבכלבים...

איינמאָל — ס׳איז געווען שבת בייטאָג — איז מרדכי־נתן דער נגיד געזעסען אין שטוב און געלערנט פּרק; פּלוצים עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַריין... מאַקאַר חאַלאַדנע! פריהער האָט זיך אונזער נגיד אַביסעל ווי דערשראָקען, פערוואונדערט: ווי קומט דער „אַדון בפקדך“ אַהער פּלוצים נאָכ׳ן שלאָף? נאָכדעם האָט ער איהם געמאַכט זעהר אַ פריינדליך פּנים און מיט אַ שמייכעל געבעטען איהם זיצען, אויסגעטהאָן דאָס שבת׳דיגע היטעל און געבליבען אין דער יאַרמולקע און אַ געשריי געטהאָן צום ווייב:

— טעמע־ביילה ! הער נאר, געב אהער עפּיס אין מויל אריין !

— זהוט מאקאר א מאך מיט דער האנד :

— מע דארף ניט. איך בין געקומען צו דיר מכח איין עניז, ס'איז א סוד...

דערהערט דאס ווארט „א סוד", חאפּט זיך אויף מרדכי־נתן און וויל צוקייטלען די טהיר. נעמט איהם אן מאקאר ביי דער האנד :

— מע דארף ניט, ס'איז ניט אזא סוד, וואס מע זאל זיך דארפען פערשליסען. איך האב דיך נאר געוואלט פרעגען א קליינינקייט, דו ביזט א קלוגער מענש און איין עהרליכער, ביי דיר וועל איך וויסען דעם רעכטען אמת.

מרדכי־נתן גלעט זיך די פּאות מיט גרויס גדלות און איז שטארק צופריעדען פונ'ם קאמפּלימענט. די אויגען ווערען איהם אזש ווי מיט פעטען איבערגעצויגען. ער ווערד צעשמאלצען פאר תענוג, און סע טהוט איהם באנג, וואס ס'איז קיינער נישטא דערביי.

— מסתמא האסט דו דאך געהערט די מעשה מיט'ן מיידעל ? — פרעגט איהם מאקאר און קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין, ווי א סלעדאוואטעל.

מרדכי־נתן שטעלט אויף די אויהערען, ווי א האז.

— מיט וואסער מיידעל ?

— מיט'ן מיידעל, וואס אידען האבען זי געקוילעט און האבען אפּגעצאפּט פון איהר דאס בלוט און בעהאלטען דאס אויף פּסח.

פריהער צעלאכט זיך מרדכי־נתן מיט זיין דריבנע געלעכטער : הע־חע־חע ! און נאכדעם ווערד איהם דאס פּנים בלאס און גריז, און די אויגען צינדען זיך אן מיט פייער.

— שקרים וכזבים ! — זאגט מרדכי־נתן און טרייסעלט מיט'ן קאפּ, און די פּאות שאקלען זיך.

— סטייטש, מע שרייבט אין די גאזעטען ! — זאגט איהם מאקאר און לאזט ניט אראפּ פון איהם קיין אויג.

— די גאָזועטען ליגען, ווי די הינט! — שרייט אויס מרדכי־נתן.

— די גאָזועטען שרייבען, אַז ס'איז פאַרהאַן אַ פּראָטאָקאָל. — פּרובט זיך מאַקאַר איהם איבערשפּאַרען. — איך האָב אַליין געלייענט, אַז ס'איז פאַרהאַן אַ פּראָטאָקאָל.

— שקר וכזב! — שרייט מרדכי־נתן אין איין קול און טרייסעלט מיט דער יאַרמעלקע, און די פּאות ציטערען.

— וואָס איז שקר וכזב? — פרעגט איהם מאַקאַר, שוין רויט פאַר כעס. — דאָס, וואָס איך דערצעהל דיר? צי דאָס, וואָס סע שטעהט אין פּראָטאָקאָל?

— אַלסדינג איז שקר וכזב! אַלסדינג! פון אנהויב ביז'ן סוף! ניט געשטויגען, ניט געפלויגען!

בשעת מעשה מאַכט מרדכי־נתן מיט די הענד, מיט'ן פּנים, מיט די אויגען, מיט די פּאות און מיט אַלע אברים און ציטערט אַזש פאַר כעס. מאַקאַר האָט איהם קיינמאָל ניט געזעהען אַזוי אין כעס, און האָט דערפון אָפּגעלערענט זיך אַ פּשט, אַז ניט אומזיסט איז דער איד אַזוי אויפגעטראָגען. די משמעות, אַז ס'איז אמת די מעשה; אַניט, וואָס שרייט ער אַזוי? וואָס וואַרפט ער זיך אַזוי? נאָר איין עזות פון אַ אידען — זאָגען אויף אַלסדינג, וואָס סע שטעהט געשריבען, אַז ס'איז שקר וכזב! און מאַקאַר חאַלאַדנע שטעהט אויף מיט גרויס גרימצאָרן, רוקט אָן אויף זיך דאָס היטעל מיט'ן קנעפּעל און טהוט אַ זאָג:

— פאַר אַזעלכע ווערטער וועסט דו האָבען צו געדענקען!

און ער לאָזט זיך געהן צו דער טהיר, און תיכף נאָך איהם שטעהט אויף מרדכי־נתן און האָט שוין חרטה אויף דער גאַנצער מעשה און וויל איהם איבערבעטען, פּערקערעוועןʼ איהם צוריק, און ער לויפט איהם נאָך:

— פּאַני!... וואַשע וויסאָקע־בלאַהאָראָדיע!... מאַקאַר פּאַוולאָוויטש!... מאַקאַר פּאַוולאָוויטש!...

בלאָטע! מאַקאַר פּאַוולאָוויטש איז שוין לאַנג אויף יענער זייט טיר, און מרדכי־נתן דער נגיד איז אויס מענש פאַר האַרצ־וועהטיג און פאַר גרימצאָרן, טאָמער האט ער טאַקי געזאָגט איין איבעריג וואָרט, דער רוח האָט איהם אָנגעטראָגען! און ווי אויף צו־להכעיס, קומט אַן טעמע־ביילה און טשעפּעט זיך צו צו איהם, ער זאָל איהר זאָגען, וואָס האָט דאָ געטהאָן דער „אָדון בפּקדך"? וואָס איז ער אַזוי גיך אַוועק? און למאי האָט ער אַזאַ קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהיר?

— געה פרעג איהם! — האָט איהר מרדכי־נתן געענטפערט מיט כעס.

— זעה נאַר, זעה, ווי ער איז דאָס אַביסעל אין כעס! אויף וועלכער זייט ביזט דו דאָס אויפגעשטאַנען היינט, און וואָס פאַר אַ חלום האָט זיך דיר געחלום'ט?

— היפּטעל קרויט!!! — שרייט אויס מרדכי־נתן דער נגיד אויף אַזאַ קול, אַז דאָס ווייב איז שיער ניט געפאַלען חלשות, און ער אַליין האָט זיך איבערגעשראָקען פאַר זיין שטימע, און אויך זיי דיענסט, אַ שוואַרץ ווייבעל אַ ליטוועטשקע, איז אַריינגעלאָפען פון קיך, ניט טויט, ניט לעבעדיג, מיט אַ גוואַלד:

— אַ קלאָג צו אייך! איהר האָט דאָך מיך איבערגעשראָקען אויף טויט!

איז טעמע־ביילה אָנגעפאַלען אויף איהר און צעלאָזט זיך מיט ביידע קולאָקעס, און מרדכי־נתן אויף זיי ביידע, און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ סקאַנדאַל, וואָס ס'איז גאָר ניט כדאי דאָס צו בעשרייבען.

## קאַפּיטעל ח.

### כתרילעווקע אײַלט זיך אין וועג אַרײַן.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבען פאַר כתרילעווקע אַ צייט פון צרות, יסורים און אומזיסטע פּחדים. קיינער האָט ניט פערשטאַנען וואָס איז די מעשה, וואָס מאַקאַר חאַלאָדנע איז געוואָרען נאָך אַ גרעסערער שונא־ישראל, ווי ער איז געווען, און פאַר וואָס זעהט מען איהם ניט ביי'ם נגיד אין קלייט? דער נגיד אַליין האָט זיך, אַפּנים, געשעמט און אַראָפּגעשלונגען די מעשה, נישט דערצעהלט קיינעם, און מאַקאַר האָט געגראָבען ווי ווייט ער האָט געקאָנט, זיך גערייצט מיט די כתרילעווקער אידען, זיי אָנגעזאָגט אַלע מאָל אַ נייע בשורה, אַז ניט לאַנג נאָך וועלען זיי דאָ געוועלטיגען, מע וועט ביי זיי נעמען דין וחשבון: פון וואַנען נעמט זיך צו זיי זייער גוטס? מענשען וואָס האָרעווען ניט, גראָבען ניט און זעען ניט און שניידען ניט, נאָר מע עסט פונ'ם גרייטען — פאַר וואָס קומט דאָס זיי? וכדומה אַזעלכע טענות, וואָס ער האָט זיך מיט זיי אָנגעלייענט אין דער גאַזעט „די פּאָהן“. און פּונקט אין יענער צייט האָט זיך איהם געטראָפען דער בזיון מיט האָפּקען, וואָס ער איז דורך איהר געשטרויכעלט געוואָרען, שיער ניט אַריין אין אַ גרויסען אומגליק, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט פערבייגעהענדיג אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל. און אַז גאָט האָט געהאָלפען, מאַקאַר איז אַרויס פונ'ם עסק ריין, האָט ער ערשט דעמאָלט אָנגעהויבען גראָבען אויף די כתרילעווקער אידען, זיי געגעבען אָנצוהערעניש, אַז אָט־אָט וועט מען מיט זיי לערנען בלק. און גראָד דעמאָלט איז אָנגעקומען דאָס גוטע בריוועל פונ'ם שוחט'ס איידעם, וואָס איז געגאַנגען מיד ליד איבער דער גאַנצער שטאָדט, און זיידעל מיט זיינע „בלעטער“ האָט אונטערגעגעבען היץ. געגאָסען בוימעהל אויפ'ן פייער, און מעשיות זענען געגאַנגען איבער דער שטאָדט, איינע שרעקליכער פון דער אנדערער, און ס'איז ארויס אַ קלאַנג, אַז דאָ אין כתרילעווקע וועט אין גיכען אויך זיין „דאָס אייגענע“.

פון וואנען האט זיך עס גענומען? ווער איז דער ערשטער, וואס האט ארויסגעלאזט דעם דאזיגען קלאנג? — דאס ווייסט מען ניט עד היום און מע וועט דאס ניט וויסען קיינמאל, אייביג! דער היסטאריקער, וואס וועט זיך נעמען אמאל בעשרייבען די געשיכטע פון די כתרילעווקער אידען, אז ער וועט קומען צו דעם שטיקעל צייט, לייענען די אלע פאפירען מיט די אלע בלעטער, וועט ער געוויס בלייבען שטעהן פערטראכט מיט דער פעדער אין האנד, זיינע מחשבות וועלען איהם פערטראגען ווייט־ווייט.

מע ווייסט ניט, ווי אזוי דאס איז געווארען און פון וואנען דאס האט זיך גענומען, נאר ס'איז ארויס א נייעס אין שטאדט, אז מע געהט אויף כתרילעווקע, דריי דערפער מיט א מאל... און אין איין פריהמארגען איז געווען כתרילעווקע אויפגעשטאנען ווי איין מענש, און מע האט זיך גענומען פאקעווען, קינדער און בעטגעוואנט און שמאטעס, דאס גאנצע ביסעל כתרילעווקער ארעמקייט, ראטעווען ווי פון א שרפה און קלויבען זיך אין וועג אריין — וואוהין? וואוהין די אויגען וועלען טראגען! בשעת מעשה האבען מוטערס ארומגעניי־יען וייערע ברעקלעך קינדער, צוגעטוליעט צו דער ברוסט, און מיט טרערען אין די אויגען זיי געקושט און געהאלזט און גע־האלובעט, גלייך ווי עמיצער האט זיי געוואלט חלילה אוועקנעמען, גלייך ווי עמיצער דארף זיי האבען...

און כתרילעווקע האט אנגעהויבען צו שליטען איין קלייט נאך דער אנדערער, קוקענדיג איינס אויפ'ס אנדערע און בעהאלטענדיג זיך איינס פון דאס אנדערע, און מע האט זיך געאיילט, געחאפט איטליכער וואס פריהער, וואס גיכער. הוועדאר'ען האט מען יענעם פריהמארגען שיער ניט צעריסען אויף שטיקלעך. איטליכער האט איהם געשלעפט צו זיך העלפען פאקעווען, אונטערגערוקט איהם פון אלע זייטען, אז קיינער זאל ניט זעהען, ווער א גריוונע און ווער א פיטאקעל. קיינמאל איז חוועדאר נישט געווען נאך אזא חשוב אין כתרילעווקע, ווי יענעם טאג, און קיינמאל האט נאך חוועדאר אזוי ניט מאסף ממון געווען, ווי דעמאלט. און מע האט

איהם אזוי אָנגעשטאָפּט מיט געלד, ביז ער האָט א שפּיי געטהאָן:
„נעחיי יאָמו סטאָ טשערטיוו אי אָדנאָ ווידמאָ!" — און איז אוועק אהין, וואו אַלע מאָל, און געמאַכט א שענע כוסה לכבוד די כתרילעווקער בעלי־בתים, וואָס פאָהרען אוועק. און אז ער איז געוואָרען רעכט פאַרטיג, האָט ער אָנגעהויבען אַרבייטען, מאַכען מיט די קולאָקעס און שרייען, אז ס'איז שוין לאַנג צייט, מע זאָל פּטור ווערען פון די כתרילעווקער אידען — און, מעשה שטן, האָט בעדאַרפט דורכגעהן פאַרביי סאַמע מאַקאַר האַלאַדנע מיט'ן אַדוָן דעם פּאָסטמייסטער און דערהערען, ווי הוועדאָר אַרבייט מעשים אויף די אידען, האָבען זיך ביידע אדונים אָפּגעשטעלט און דער־זעהען, אז די אידען פּאַקעווען זיך, גרייטען זיך עפּים זעהר שטאַרק אין וועג אריין, איז דאָס זיי געוועזן קשה, און זיי האָבען זיך גענו־מען ביידע נאָכקוקען: וואוהין לויפען דאָס די אידען?

דאָס נאָכקוקען פון די אַדונים האָט אָנגעמאַכט נאָך א גרע־סערע בהלה צווישען די אידען און מע האָט אוועקגעוואָרפען דאָס פּאַקעווען זיך; חאַפּט דער רוח דאָס בעל־הבתישקייט! · דאָס לעבען, דאָס לעבען איז טייערער!... און מע האָט אָפּגעדונגען וואו ס'איז געוועזן ערגיץ א פוהרעל, א פערדעל, א פּאָר אָכסען, און מע האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין בעציטענס, און גיך־גיך, בחפּזון, כמעט אזוי האַפּענדיג, ווי בשעת מען איז אַרויסגעגאַנגען פון מצרים.

פריהער פון אַלע זענען געפלויגען ווי די אָדלערס, געוויינט־ליך, די כתרילעווקער בעלי־עגלות מיט די גרויסע בוידען און בייד־לעך; דאָרט זענען געזעסען רב מרדכי־נתן דער נגיד מיט זיין גאַנצער משפּחה און די אַלע איבעריגע נגידים מיט זייערע משפּחות. נאָך זיי האָבען זיך געשלעפּט די גוישע פוהרלעך, אָנגעזעצט מיט ווייבער און מיט קינדער און מיט אַלע קראַנקע נפשות, און הינטען זענען געגאַנגען די מאַנסבילען, די געמיינע בעלי־בתים, דאָס וואָס סע ווערד אָנגערופען דער המון, נעבאָך עולה־רגל געווען מחילה צו פוס, און געגאַנגען גיך, מורא געהאַט

זיך ארומקוקען, טאמער יאגט מען זיי נאך פון הינטען, טאמער בעט מען זיי חלילה צוריק...

שטיל איז געווארען אין כתרילעווקע, לעדיג, פוסט, ווי אויף א בית־עולם. ניט געבליבען קיין נפש. פון לעבעדיגע נפשות זענען געבליבען אין שטאדט נאר די ציעגען, דאס גאנצע אידישע פערמעגען אין כתרילעווקע, און האפקע די געשטופעלטע, און דער בעדער מיט דער בעדערין, און, להבדיל באלף אלפי הבדלות, דער אלטער רב רב יוזיפיל.

איבער די דאזיגע אלע לעבעדיגע נפשות וועלען מיר רעדען פון איטליכען אין א בעזונדער קאפיטעל.

## קאפיטעל ט.

### לאזט זיך אריין א ביבעל אין חקירה.

די געלעהרטע, וואס געבען זיך אפ מיט דער נאטור, וואס קוקען זיך צו און ווייסען די טבע פון יעדען בעשעפעניש, פון איט־ליכם גרעזעלע, ווייזען אויף מיט ראיות, אז קיין זאך אויף דער וועלט געהט נישט לאבוד, ווערד ניט פערפאלען, שטארבט ניט אוועק. אט דאס וואס מיר זאגען, למשל, אז דער בוים איז גע־וואכסען, די צווייגען האבען געבליהט, געגעבען אונז פירות; נאכ־דעם האבען מיר די פירות אפגעריסען און אויפגעגעסען, די צוויי־גען האבען אפגעבליהט, די בלעטלעך זענען אפגעפאלען, דעם בוים האבען מיר אויסגעהאקט, דאס האלץ האט זיך אויסגע־הייצט — דאכט זיך, איין עק? אויס בוים? ניין, — זאגען די געלעהרטע — ס'איז נישט אזוי די מעשה! דער בוים, זאגען זיי, האט זיך נאר צעטיילט אויף זיינע יסודות; פון די פירות זאגען זיי, האבען מיר געהאט חיות, די בלעטער האבען מיר גע־שמעקט, דאס האלץ האט אונז געווארעמט, און דער בוים האט געלעבט, און מיר האבען געלעבט, און אז מיר זענען געשטארבען, האט מען אונזער קערפער אריינגעלעגט אין דער ערד אריין, און

מיר זענען זיך צעגאַנגען אויף יסודות; אויף אונזער קבר איז אויסגעוואַקסען אַ גרעזעלע, דאָס גרעזעל האָט געגעסען די ציגע און בעקומען דערפון מילך, די מילך האָט געטרונקען דאָס קליינע קינד, געהאַט דערפון חיות, געוואַקסען, אויסגעוואַקסען, אָפּגע־לעבט און געשטאָרבען, צעטיילט זיך ווידער אויף יסודות, ווידער אַ גרעזעלע, ווידער ציגען, ווידער מילך, ווידער קליינע קינדער, און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז עק וועלט.

איהר שטויסט זיך שוין מסתמא, וואוהין די חקירה געהט? דאָס געהט אויף די אַלטע צעוואָרפענע קברים פונ'ם אַלטען כתריי־לעווקער בית־הקברות פון כמה וכמה יאָהרען. די דאָזיגע קברים און די דאָזיגע ציעגען און די דאָזיגע אידען אין כתרילעווקע — דאָס אַלסדינג איז אינאיינעם אַ מין קייט, וואָס קייטעלט זיך פון אַ סך, אַ סך יאָהרען, און מי יודע, וויפיעל יאָהר עס וועט זיך נאָך אַזוי קייטלען...

אויב איהר ווילט וויסען, וויפיעל יאָהר כתרילעווקע איז אַ אידישע שטאָדט, בעדאַרפט איהר נישט זוכען אין די אַלטע בלע־טער פון דער היסטאָריע — איהר וועט זיי ניט געפינען. איהר דאַרפט זיך נאָר מטריח זיין אויפ'ן אַלטען כתרילעווקער בית־עולם און בעטראַכטען די אַלטע־אַלטע קברים מיט די אַלטע אָפּגעריי־בענע מצבות, פּראָסטע הילצערנע מצבות, פּראָסטע גרויע שטיינער, וואָס שטעהען כורעים, אָנגעבויגען פון אַ סך אַ סך יאָהרען; וואו־ניט־וואו וואַרפען זיך דורך אויף די שטיינער האַלב־אָפּגעריי־בענע בלייבע אותיות: „דאָ ליגט בעהאַלטען אַ איד אַ רב, אַ צדיק אַזעלכער און אַזעלכער"; „דאָ ליגט בעהאַלטען אַ אשה צנועה און חכמה אַזעלכע און אַזעלכע". דאָס יאָהר איז שווער איבערצולייענען — נאָר מע פערשטעהט, אַז ס'איז שוין לאַנג, וואָרום אַ סך מצבות זענען שוין לאַנג צעפאַלען, און אַ סך קברים זענען שוין לאַנג פערוואַקסען מיט גראָז, און ציעגען, די כתרילעווער ציעגען, וואָס האָבען ניט וואָס צו עסען, שפּרינגען אַריבער

דעם שוין לאנג איינגעפאלענעם פארקאן און פאשען זיך אויף דעם דאזיגען גראז, און ברענגען אהיים פולע אייטערס מיט מילך, און די ארעמע אידישע קינדער אין כתרילעווקע האבען וואס צו עסען, פון וואס צו ציהען כח. און ווער ווייסט, ווער די דאזיגע ציעגען זענען? אפשר שטעקט אין זיי א נשמה פון א מענשען, און נאך פון א גאנץ נאהענטען מענשען? ווער ווייסט, ווי נאהענט עס זענען געבונדען צווישען זיך די דריי מינים: דאס אלטע כתרילעווקער בית־הקברות, די דאזיגע ציעגען, וואס פאשען זיך דא, און טאקי זיי אליין, במחילת כבודם, איך מיין די כתרילעווקער אידען?

אויף אזא מין חקירה האט מיך ארויפגעטריבען דאס אויסזעהען פון די דאזיגע ציעגען אין יענעם טאג, וואס די כתרילעווקער אידען זענען זיך צעלאפען און איבערגעלאזט אויף גאט'ס גענאד זייער גאנץ פערמעגען, זייערע ציעגען.

אין דרויסען איז געווען נאך פסח, דער שניי איז שוין לאנג אראפ פון דער ערד, געלאזט דאס יונגע גרעזעלע זאל זיך שפראצען, ציהען צו דער ווארעמער זונן און בעגרינען און בעשיינען גאט'ס וועלט אין יעדען ארט, וואו מענשען לאזען דאס וואכסען. כתרילעווקע איז אבער — אוי וועה! — נישט קיין ארט פון פריש גראז און נישט קיין ארט פון שמעקענדיגע ביימער. כתרילעווקע איז איין ארט פון בלאטע, פון זאמד און פון פאראך און פון געדיכטער פער'עפּוש'טער לופט, וואס מע קאן פון איהר דערווארגען ווערען, און פון נאך א סך אזעלכע גוטע ליעבע זאכען. גרין גראז קאנט איהר געפינען נאר סיידען אויפ'ן בית־עולם, און אהין האט דאס מיך מיין כח־הדמיון, מיין פאנטאזיע, אוועקגעטראגען אין יענעם טאג פון דער גרויסער בהלה, און דארט האב איך בעטראכט די גאנצע טשערעדע פערלאזטע, פער'יתום'טע ציעגען, און עס האט מיר פערקלעהמט דאס הארץ, ווי אויף די ציעגען נעבאך, אזוי אויך אויף די קליינע אידישע קינדער, וואס זענען געבליבען דריי

טאג אהן אביסעל מילך. קוקענדיג אויף די אָרעמע ציגעז: ווי זיי שטעהען, מעלה-גרה'ן, מאַכען מיט די בערדלעך, קוקען משונה־מאָדנע נאריש-פערטראַכט, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז זיי זאָגען צו מיר: „פעטער! אפשר ווייסט איהר, וואו זענען אונ־זערע בעלי־הבתים און בעלי־בית'טעס? צו וועלכע גוטע יאָהר זענען זיי זיך צעלאָפען?“...

איך לאָז איבער דאָס פעלד, דאָס הייליגע אָרט פון כתרי־לעווקע, און געה מיר דורך מיט אייך אין שטאָדט אריין, זעהען די איבעריגע נפשות, וואָס זענען איבערגעבליבען פון דער גרויסער בהלה אין כתרילעווקע.

דאָס מיינט מען דעם בעדער מיט דער בעדערין און זייער קעסט-קינד, דעם אלטען שוואכען רב רב יוזיפיל.

## קאפיטעל י.

### שמועסט וועגען דעם רב רב יוזיפיל.

א סך מאָל האָב איך אייך דערמאָנט און ארויסגעבראַכט אין מיינע „מת'ע, ניט־אויסגעטראַכטע מעשיות איינעם פון מיינע בעליעבטעסטע פּארשוינען, דעם רב און דעם רבי'ן פון כתרילעווקע, רב יוזיפיל, און קיינמאָל האָב איך זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף איהם, איך זאָל אייך מיט איהם בעקענען, ווי עס געהער צו זיין. איך ווייס, אז ס'איז פון מיר א גרויסע עולה. לאָם איך האָטש אָט דאָ ממלא זיין דעם דאָזיגען חסרון.

רב יוזיפיל איז איין אלטער מאַן, א זקן און א קראַנקער און פון תמיד אָן ניט קיין איבעריגער גבר, א צעבראָכענער גוף, דער־פאַר אָבער מיט א נשמה א גאַנצע, א געזונדע און א ריינע; און דוקא אין דעם דאָזיגען קראַנקען גוף האָט גאָט אריינגעזעצט די דאָזיגע תמיד־יונגע און שטענדיג־פרישע נשמה און אָנגעזאָגט איהר, זי זאָל זיך האַלטען, לאַנג האַלטען, ביז עס וועט קומען ד־

רעכטע צייט, וועט איהר גאָט אַליין זאָגען: „קום, שוין צייט אין גן־עדן אריין“...

און געוויס אין גן־עדן אריין — ס'איז גאָר קיין ספק ניט! וואָרום דעם גיהנם מיט'ן חבוט־הקבר מיט די אַלע איבעריגע גוטע זאַכען, וואָס וואַרטען אויף אונז דאָרטען, האָט שוין אונזער רב יוזיפיל, דאַנקען גאָט, איבערגעלעבט דאָ, אויף דער וועלט. נישטאָ איין צרה, איין שלאַק, איין פּורעניות, וואָס רב יוזיפּיל האָט דאָס ניט פערזוכט פון דעם וואָס לעבט אייביג. דער וואָס לעבט אייביג האָט, אַפּנים, געוואָלט אויספּרובען זיין געטרייען קנעכט רב יוזיפּיל, האָט ער געהאַלטען אין איין שיטען אויף איהם צרות פון דער ברייטער האַנד, כדומה למשל, ווי מע בעשיט אַ חתן מיט ניסלעך. איינס נאָכס אַנדערע האָט ער ביי איהם צוגענומען די קינדער, פריהער, געוויינטליך, גוט אָנגעמוטשעט זיי; נאָכדעם — דאָס ווייב פרומע־טעמע די רביצין, די צדיקית, וואָס זי איז געווען פאַר איהם אַ געטרייע מאַמע; נאָכדעם האָט ער איהם צוגעבויגען אַביסעלע צו דער ערד, איהם מזכה געווען מיט שענע עטליכע קרענק אויף דער עלטער, איהם איבערגעלאָזט ווי אויפ'ן וואַסער, עלענד און אָרעם און שוואַך. און בכדי ער זאָל פיהלען דעם אמת'ען טעם פון גיהנם, האָט ער אַריינגעגעבען אַ זין די כתרי־לעווקער אידען, זיי זאָלען קרוינען אַ נייעם רב, אַ יונגען רב, און איהם, דעם אַלטען רב יוזיפּיל, זאָל מען אויף דער עלטער בעטען מחילה און בעזעצען איהם ערגיץ ביי'ם בעדער מיט דער בעדערין; ער זאָל דאָרטען דערלעבען דאָס איבעריגע ביסעל יאָהרען. דאָ האָט דער רבונו־של־עולם געקאָנט רעבענען פאַר זיכער, אַז דער דאָזיגער רב יוזיפּיל וועט שוין מסתמא געוויס זינדיגען מיט'ן מויל חאָטש, אַזוי ווי איוב פאַרצייטען האָט זיך אויך געמענט־שעלט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך ניט געקאָנט מעהר איינהאַלטען און פערשאַלטען זיך דאָס געביין.

נישט אַזאַ מענש אָבער איז געווען אונזער אַלטער רב יוזיפּיל. אַ סך, אַ סך זאַכען איז רב יוזיפּיל דערגאַנגען מיט זיין אייגענעם

שכל. ער איז דערגאַנגען מיט זיין אייגענעם שכל, אַז אַלע צרות און יסורים, וואָס דער אויבערשטער האָט איהם מזכּה געווען, איז — איינס פון די צוויי: אָדער דאָס איז נאָר אַ פּרוב, איין אָנשיקעניש פון זיין ליעבען נאָמען, איין אַפּקומעניש דאָ, אויף דער נאַרישער זינדיגער וועלט, בכדי ער זאָל דאָרטען בעקומען דערפאַר זיין שכר בכפל כפלים, אָדער ער האָט דאָס טאַקי כשר פערדיענט; און טאָמער נישט ער אַליין פאַר זיינע אייגענע זינד — איז פאַר זיינע אָרעמע זינדיגע ברידער, די קינדער ישראל, וואָס זענען ערב איינס פאַר'ס אַנדערע און זענען מחויב אָפּקומען איינס פאַר'ס אַנדערע, ווי אַ מין אַרטעל, למשל, וואָס טאָמער האַפּט מען איינעם אין אַ גנבה, בעדאַרף ליידען דאָס גאַנצע אַרטעל, איטליכער וועדליג אויף זיין חלק... אַזוי איז רב יוזיפיל דער־גאַנגען מיט זיין אייגענעם שכל, און האָט זיך אויף זיין לעבענס־טאָג קיינמאָל נישט בעקלאָגט, זיך אויסגעטהאָן פון דער וועלט מיט אַלע איהרע תענוגים, זי לחלוטין מבטל געווען מיט אַ שמייר־בעל פון אַ גרויסען, גרויסען פילאָזאָף, און דערמיט האָט ער זיך געקויפט גרויס ליעבשאַפט ביי די כתרילעווקער לייט, וואָס חאָטש ער איז שוין קיין רב ביי זיי ניט געווען, און די הכנסות, וואָס האָבען געהערט צו איהם, האָט שוין צוגענומען דער נייער רב, פון דעסטוועגען האָט ער געהאַט דעם זעלבען כבוד וואָס תמיד, דעם זעלבען אויבען־אָן אין בית־המדריש, און אפילו דער נאָמען „רבי" איז איהם אויך איבערגעבליבען, ווי פריהער. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָה מיט'ן נאָמען „רבי" אַליין קאָן מען נישט לעבען; דער גוף מאָהנט זיך זיינס, וואָס ס'ניט איז, אַבי עפּיס אין מויל אַריין, צו דערהאַלטען די נשמה... זענען די כתרילעוו־קער לייט געפאַלען אויף אַ המצאה: אַזוי ווי די כתרילעווקער באָד איז דאָך אַ קהל'שע באָד, זאָל די הכנסה פון דער באָד גע־הערען צום אַלטען רב, און דאָרטען טאַקי זאָל ער וואָהנען. דאָס הייסט, ניט אין באָד גופא; נאָר אַזוי ווי ביי דער באָד איז פאַר־האַן אַ שטיבעל, דאָרט וואו סע זיצט דער בעדער מיט דער בע־

דערין, איז דאַרט פאַרהאַן איין אַלקערעלע, וועט ער זיך קאָנען דאָרטען רוהיג זיצען און לערנען.

לערנען? סע רעדט זיך אַזוי: ווי קאָן שוין רב יוזיפיל לערנען, אַז די ראיה איז איהם, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַזוי געשלאָגען, אַז קוים וואָס ער זעהט די ליכטיגע שיין? פון דעסט־וועגען, האָט קיין יסורים ניט. א תלמיד־חכם, ווי אַלט ער זאָל ניט זיין, געפינט ער זיך איין ארבייט. קאָן ער ניט לערנען אינוועניג, לערענט ער א ו י ס וו ע נ י ג, זאָגט ער עפּיס, דאַווענט ער, אָדער גלאַט אַזוי ער טראַכט. און טראַכטען איז דאָ פון וואָס! פון דער וועלט טראַכט דער אַלטער רב יוזיפיל, און פון דעם בורא פון דער וועלט, פון דעם בעשאַפער, וואָס ער איז גערעכט און אַלע זיינע ט ה ו ע ב צ ע ן זענען רעכט! און פון זיין פאָלק ישראל, וואָס ער שמראַפט דאָס, ווי א ליעב קינד, און פון אַלע איבעריגע פעלקער, און פון אַלע בעשעפענישען אויף דער ערד, פונ׳ם גרעסטען ווּיזילטיער ביז דער מיגדעסטער מילב, ביז׳ן קלענסטען ווערעמעל אונטער׳ן שטיין, וואָס ער טהוט טהון שפּייזען מיט זיין ברייטער האַנד. דערפון איז אַפּצולערנען א קל־וחומר: „מה־דאַך א מילב, א ווערעמעל אַזוי, היינט לא כל־שכן שוין א מענש, און לא כל־שכן א איד!“... אַזוי טראַכט זיך רב יוזיפיל און איז צופריעדען מיט גאָט און מיט דער וועלט און מיט׳ן פאָלק ישראל און מיט זיך און מיט זיינע געדאַנקען, וואָס ער זאָגט זיי ארויס ניט איין מאָל גאַנץ הויך, אַלע זאָלען הערען. און ווי אומעדום, אַזוי זענען אויך אין כתרילעווקע פאַרהאַן מענשען חקרנים, גריבלער, וואָס האָבען ליעב פרעגען קשיות; פּרובען זיי זיך אַביסעל אָפּ׳לצ׳עווען פון אַלטען רבי׳ן און פרעגען איהם א קלאָץ־קשיא:

— איהר זאָגט, א מילב? א ווערעמעל, זאָגט איהר? ענטפערט זשע אונז, רבי, א תירוץ דערויף: ווי באַלד, אַז דער אויבערשטער איז יאָ אַזאַ גרויסער גאָט און א גוטער גאָט און א דערבאַרעמיגער גאָט, וואָס שפּייזט אפילו א ווערעמעל אונטער׳ן

שטיין, היינט למאי שפייזט ער ניט זיינע כתרילעווקער אידעלעך?
שוין זשע זענען מיר קלענער פון א מייב, קלענער נאך פונ'ם
קליינעם ווערעמעל, וואס אונטער'ן שטיין?...

— וואס פאר א קינדער איהר זייט! — ענטפערט זיי דער
אלטער מיט א שמייכעלע. — איך וועל אייך געבען א משל מיט
א מלך. אשטייגער, שטעלט אייך פאר, דער מלך האט אייך גע־
לאזט בעטען צו זיך אויף דער סעודה, זענט איהר געקומען אין
פעדערשטען חדר און דערזעהן, אז אין פעדערשטען חדר איז עפים
ניט אזוי גראם און ליכטיג, האט איהר גענומען און זיך אומגע־
קעהרט צוריק. אזוי איז דאס אויך. איך פרעג נאר איין זאך:
וואס פאר א ווערטה האט פאר אייך דאס ביסעל יסורים און
בזיונות דא אינ'ם ענגען פ ר ו ז ד ו ר, אינ'ם פעדערשטען
חדר, אקעגען יענעם גרויסען ט ר ק ל י ן, דעם שענעם רייכען פאלאץ
פון עולם־הבא דארטען, וואו די וואנט זענען פון גין־גאלד, די ערד
פון ריין זילבער און די שטיינער בריליאנטען? דארט, וואו דאס
לעבען איז אייביג, דארט, וואו די נשמות פון די צדיקים זיצען
אויבען־אן און טהוען זיך אן וואוילטאג און האבען הנאה פון דער
לויטערקייט פון דער שכינה, און הקדוש־ברוך־הוא אליין באדיענט
זיי, טראגט זיי אונטער אין גילדענע בעכערס דעם בעסטען וויין
און אויף גילדענע טעלערלעך די פיש פונ'ם לויתן מיט'ן פלייש
פונ'ם שור־הבר...

די לעצטע ווערטער, דאס הייסט: „וויין", „לויתן" און
„שור־הבר" — דאס לעגט שוין צו, געוויינטליך, רב יוזיפיל, ווי
א צו־גאב פאר דעם פראסטען עולם, וואס וויל ניט וויסען פון קיין
רוחניות און פון קיין שכינה. א פראסטער איד דארף האבען א
פראסט שטיקעל פיש, מיט א שטיקעל געבראטענס — און דאס
איז אין כתרילעווקע איינע פון די זעהר זעלטענע זאכען, וואס
נאר שבת און יום־טוב קאן מען זיך אזעלכעס פערגינען, און
דאס — ניט אלע מאל. פאר אזעלכע ווייכע גוטע רעד האט מען
ליעב אין כתרילעווקע דעם אלטען רב דאס חיות, און מעהר פון

אַלע — דער פּראָסטער עולם, און מעהר פונ'ם גאַנצען עולם — דאָס בעריהמטע פּאָרעל, דער בעדער מיט דער בעדערין פון דער אַלטער כתרילעווקער קהל'שער באָד, וואָס פון זייערטוועגען שענקען מיר אַ בעזונדער קאַפּיטעל אין דער דאָזיגער בעשרייבונג.

## קאַפּיטעל יא.

### אדם הראשון מיט חוה'ן אין גן־עדן.

אויב עס האָט אַ זין דאָס, וואָס שמועה אָדער פּישעל קאָרעספּאָנדענט — דער וואָס שרייבט קאָרעספּאָנדענציעס אין אַלע בלעטער און מע דרוקט זיי ניט — זאָגט אויף דער כתרילעווקער באָד, אַז זי איז אַ גן־עדן־התחתון, דאַרף איך גישט אויסווייזען אַזוי ווילד דאָס, וואָס די כתרילעווקער ליצני־הדור האָבען אַ נאָמען געגעבען בערקע דעם בעדער  א ד ם ־ ה ר א ש ו ן,  און חוה די בעדערין האָבען זיי געקרוינט מיט אַ צונעמעניש  ד י  מ ו ט ע ר  ח ו ה.  פון וואַנען האָט זיך גענומען דער דאָזיגער נאָמען — איז שווער צו זאָגען. אפשר דערפאַר, וואָס די בעדערין האָט געהייסען חוה. האָט דער מאַן איהרער שוין במילא געפּאַסט צו הייסען אָדם? און אפשר דערפאַר, ווייל דאָס בעריהמטע פּאָרעל האָט זיך געפונען אינ'ם דאָזיגען גן־עדן פון כמה וכמה יאָהרען, אָפּגעשיידעט פון דער גאַנצער וועלט, און געלעבט ווי אין גן־עדן? צי אפשר דערפאַר, ווייל די כתרילעווקער אידען און ווייבער האָבען געהאַט מעהר פון אַלעמען די זכיה צו זעהען דאָס דאָזיגע פּאָרעל אין דעם זעלבען קאָסטיום, וואָס אָדם מיט חוה'ן האָבען געטראָגען אין גן־עדן, איידער זיי האָבען פערזוכט פונ'ם עץ־הדעת? אַזוי צי אַזוי — דאָס מוזען מיר מודה זיין, אַז די כתרילעווקער לצים זעצען־צו עמיצען אַ נאָמען, איז ער ווי געבאָרען, ווי צוגעשניטען, אויפגענייהט, אויסגעפּרעסט און אָנגעמאָסטען — און „פאַרניצט געזונט"! עס האָט זיך אויסגעוויזען איטליכען בעזונדער, אַז קיין אַנדער נאָמען קאָנען זיי גאָר ניט

האָבען. ווי אַזוי דען זאָל מען רופען אַ פּאַר־פאָלק, וואָס פערברענגען אַלע זייערע טעג און יאָהרען דאָרטען, באַרג־אַראָפּ, העט־ווייט פון שטאָדט אַרויס, ווייט פון דער בעריהמטער כתרילעווקער שטענדיגער בלאָטע, סאַמע ביי׳ם ברעג טייך, דאָרט, וואו גרינע ווערבעס שטעהען אָנגעבויגען, קוקען־אַריין אין וואַסער אַריין; דאָרט, וואו זומער־צייט הערט מען זשאַבעס קוואַקען, גראַגערען און פערגראַגערען דעם קאָפּ? אַזאַ ערטעל קאָן מען טאַקי אַנדערש ניט רופען ווי גן־עדן, און אַזאַ פּאָר־פאָלק, ווי דער בעדער מיט דער בעדערין, זענען באמת אָדם מיט חוה׳ן אין דעם דאָזיגען גן־עדן, וואָס זענען ווי בעשאַפען געוואָרען איינס פאַר דאָס אַנדערע משׁשת ימי־בראשית: ער אַ הויכער, אַ געזונדער, אַ ברייט־ביי־ניגער, איין אויסגעדיענטער סאָלדאַט מיט אַ קאָלטענעוואַטער באָרד, מיט אַ וואַטאָווע גלאַנצענדיגע קאַפּאָטע און מיט שטענדיג אונטערגעבונדענע שטיוועל, און זי — אַ הויכע, אַ געזונדע, אַ פעטע אידינע מיט אַ שוואַרץ גלאַנצענדיג געשטופּעלט פּנים, נאָר מיט גוטע גרויע אויגען, מיט אַ קעסטעלדיגער פעטשיילע אויף׳ן קאָפּ און מיט שטענדיג איין אונטערגעשטעקט קליידעל. וואָס ס׳האָבען זיך אַרויסגעזעהען פון דעם אַ פּאָר גרויסע פיס אין מאַנס־בילשע גרויסע שטיוועל. קיין זאַך אויף דער וועלט האָט דאָס פּאָרעל ניט געוואוסט, אַ חוץ דער באָד. שטענדיג איז מען געווען פערנומען נאָר מיט דער באָד: אָדער מע הייצט די באָד, אָדער מע רייניגט די באָד, אָדער מע פעררוכט די באָד — קיינמאָל זיצט מען ניט לעדיג, סיידען ביי נאַכט, אַז אַלע פייערען ווערען פערלאָשען, דעמאָלט זעצען זיך אַוועק אָדם מיט חוה׳ן איבער אַ טעפּעל קאַרטאָפּלים און מע פערקלויבט זיך ווינטער אויף׳ן אויווען און זומער אין דרויסען ביי דער פריזבע, און קיינעם, קיינעם איז אין כתרילעווקע ניט אַזוי גוט, ווי דעם דאָזיגען פּאָרעל. קיינער, קיינער האָט ניט אַזאַ שטענדיגע פערזאָרגטע פּרנסה, ווי אָדם מיט חוה׳ן. אַז קיין ראָטע צאָהלען בעדאַרף מען ניט, און קונים איז מען קיינמאָל ניט זשעדנע, וואָרום ווי אַרעם די שטאָדט זאָל ניט

זיין — אהן א באד קאן זיך א איד ניט בעגעהן. אמת, קיין גרויסע גליקען קאן מען דערפון ניט מאכען, קאפיטאלען קאן מען ניט קלויבען, און קיין הייזער אייגענע קויפען אודאי נישט, וואָרום וואָס צאהלט א כתרילעווקער איד, משטיינס געזאגט, אז ער קומט שוין ערב־שבת אין מרחץ אריין? הײנט וויפיעל האָלץ נעמט צו די באָד, אז דער קעסעל בסך־הכל איז שוין אלט, און די שטיינער זענען צעפאלען, און די ווענד לייכטען זיך דורך, און פון דער סטעלי קאפעט. יעדער קאפ, וואס פאלט אויפ'ן הוילען לייב פון די נאקעטע בעלי־בתים, טהוט א בריה, א ברען, ברענט אויס א שטיק פלייש, מע טהוט אזש א טאנץ־אונטער און א מאך בשעת מעשה: „איף — אוי!" — ווי די רשעים אין גיהנם, בשעת מע טרייבט זיי אויף צעגליהטע צוועקעס. און דער עולם לאזט אויס דאס בימערע הארץ אויפ'ן בעדער, שעלט איהם אן א פולען קאפ, און ער, דער בעדער, טהוט זיך זיינס: גיסט וואסער אויפ'ן הייסען שטיין אוי ווארטשעט זיך אין בארד אריין: „איהר פארשטעהט א מעשה? אויסגעבויט א באד נאך פאר חמעלניצקעס צייטען און ווילען ס'זאל ניט קאפען!" און ער פעררירכט אלע מאל מיט זיינע אייגענע הענד די אלטע באד, פערשטעקט די ווענד, פערלאטעט דעם דאך, שפארט איהם אונטער מיט איין אבאפעלעק און רייניגט אפט די מקוה, בכדי די כתרילעווקער חכמים זאלען זיך ניט ווערט־לען און ניט זאגען קיין המצאות, אז זיי הערען דארטען זשאבעס קוואקען... און אדם הראשון שטעהט אויף גאנץ פריה, וועך גאט אליין שלאפט נאך, שלעפט מיט די געזונדע גראבע ידים איין עמער נאך איין עמער און זעצט בשעת מעשה גאנצע שטיקער תהלים אויס־ווענדיג מיט א ניגון, און דאס קול זיינס קלינגט, הילכט, לאזט זיך הער־רען פון דער באד ארויס און קייקעלט זיך מיט'ן ווינד איבער די ברע־גען פונ'ם טייך און ווערד פערפאלען העט־ווייט דארטען, אזש אויף יענער זייט טייך, וואו א פויגעל האט זיך פערקלויבען אויף א צווייגעל פון א בוים, שארעכט שטילערהייד, שאקעלט זיך און רייניגט דעם פיסק און טראכט מכה אנבייסען...

און אינוווניג אין שטיבעל, וואס ביי דער באד, איז נאך שטאק־פינסטער. דארט זיצט חוה די בעדעריין איבער א שנויץ און פעררייבט דעם „רבינ׳ס" גרעט, וואס זי אליין טאקי האט דאס איהם נעכטען אויסגעוואשען. פערלאטעט וואו ערג׳ץ א ריס און נייהט־צו וואו מע דארף א קנעפעל, דער „רבי" זאל האָ־בען וואס אנצוטהון, אז ער וועט אויפשטעהן פונ׳ם שלאף.

פונ׳ם שלאף? משטיינס געזאגט, דאס שלאפען וואס דער אלטער רב יוזיפיל שלאפט, אז אט ניט לאנג האט ער אפגעפרא־וועט חצות און אקארשט, ווי מע זעהט ניט, חאפט ער זיך אויף, גיסט־אפ נעגעל־וואסער און נעמט זיך צו עבודת־הבורא, הויבט אן „זאגען"... וואס זאגען — ווייסט זי גישט אקוראט, נאר אז ער זאגט, איז א מחיה צו הערען! איטליכס ווארט ממש צעגעהט זיך אין אלע אברים!

און די בעדעריין שטעהט־אויף פאוואלינקע, געהט אויף די שפיץ פינגער, נעמט זיך שטילערהייד צו דער מולטער, אויסמאכען די חלה אויף שבת.

— קוקאריקו! — ציהט־אוים א ווייסער האהן מיט רויט־ליכע פליגלען, שפרינגט־אראפ צוליעב דעם טאקי פון די באנ־טענעס גלייך אויף דער שוועל, מיינט, אז ער האט דא געטהאן עמיצען מי יודע וואס פאר א טובה דערמיט, וואס ער האט אויפ־געוועקט דעם עולם צו דער ארבייט.

— א קיש אין דער ערד אריין! — מאכט צו איהם חוה און טרייבט איהם דורך מיט בזיונות און שיט איהם אפ מיט ווער־טער. — קיש־קיש צו אלדי שווארצע יאהר! צי מע דארף, צי מע דארף ניט, ער ווייסט נאר קוקאריקו! ווארט־ווארט, וועסט זיך נאך אביסעל ביי מיר אונטערהאדעווען, וועל איך דיך אוועקטרא־גען צום שוחט, וועט דיר שוין זיין א קוקאריקו! וועסט שוין ביי מיר קוקאריקען!

די דאזיגע אלע דבורים, וואס חוה איז מכבד דעם האהן דעם עזות־פנים, זענען אבער ארויסגעווארפען: דער „רבי" איז שוין

במילא אויפגעשטאנען, שוין לאנג אפגעגאסען נעגעל־וואסער און געגומען זיך צו עבודת־הבורא, און ער „זאגט“ שוין... וואס ער זאגט — ווייסט נישט חוה אקוראט, נאר אז ער זאגט, איז א מחיה צו הערען! איטליכס ווארט ממש צעגעהט זיך אין אלע אברים! און זי טראגט איהם אונטער מיט גרויס דרך־ארץ א טעפעל ציי־קאריע, הייסע און געשמאקע, און סע זעצט א פארע, און סע שמעקט טעם גן־עדן.

## קאפיטעל יב.

### דער רב רב יוזיפיל האט א גוט עלטער.

די המצאה, אז דער אלטער רב רב יוזיפיל זאל לעבען פון דער פרנסה פון דער כתרילעווקער קהל׳שער באד, איז געווען איינע פון יענע גליקליכע המצאות, וואס נאר אין כתרילעווקע קאן מען פאלען אויף אזא גלייכער זאך. בערקע דער בעדער, אדער אדם הראשון, וואס האט אויף זיין אייגענעם חשבון, איי־גענטליך, בעדארפט על־פי כתב בעהייצען מיט׳ן האלץ פון דער באד אויך דעם בית־המדרש, להבדיל, האט סאי ווי סאי געלאזט פרוירען די בעלי־בתים א גאנץ ווינטער, געפונען אלע מאל איין אנדער תירוץ: דער פראסט איז צו גרויס, דאס האלץ איז נאס, א טומאן אין דרויסען, וכדומה אזעלכע פזמונות, וואס ניט גע־שטויגען, ניט געפלויגען — לאז ער חאטש אויסהאלטען רב יוזיפיל דעם רב אויף הער עלטער, מען איז איהם שוין מוחל דאס בית־המדרש! און וואס דארף, משטיינס געזאגט, איין אלטער איד, און א רב, ובפרט נאך אזא איד, און אזא רב, ווי רב יוזיפיל, וואס אפילו אין די גוטע יאהרען איז ביי איהם אלסדינג געווען גוט? די רביצין אליין, פרומע־טעמע עליה השלום, פלעגט דערצעהלען אויף איהר מאן, אויף רב יוזיפלען, אז ס׳איז ביי איהם אלסדינג רעכט. ווען, למשל, מע גיט איהם עסען הייסע קויהלען, עסט ער; ער בריהט זיך, נאר ער עסט. אזא מין מפונק איז דאס

געוועז. הײנט בפרט נאך איצט אויף דער עלטער! איין זאך איז נאר שלעכט: ס'וועט איהם זיין ביי זיי אביסעל ענגליך. איז דא איין עצה: אדם מיט חוה'ן קאנען גאנץ פיין שלאפען אין באד, און „דער רבי" אין שטוב. די באד מיט דער שטוב איז במילא איין שטוב, שטעהען אונטער איין דאך. נאך א מעלה האט די באד, וואס ווינטער איז דארטען ווארעם, טאקי ווי אין א גן־עדן. אמת, די דאזיגע מעלה איז א מעלה נאר ווינטער, און קומט זומער — ווערד פון דער מעלה א חסרון. ס'איז אזוי היים, אז ניט נאר אין באד — אין שטוב קאן מען צעגאנגען ווערען פאר היץ. איז אבער פארהאן איין אנדער עצה: שלאפט מען אין דרויסען. זומער אין דרויסען איז דאך טויזענד מאל בעסער ווי אין שטוב, ובפרט נאך דא, ביי'ם ברעג טייך, איז דאך טאקי א גן־עדן. אמת די דאזיגע מעלה האט אין זיך אויך א שטיקעל חסרון, וואס איבער די זשאבעס איז דא, ביי'ם ברעג טייך, אונ־מעגליך צו שלאפען. איז דער תירוץ: למאי אין שטוב? אין שטוב ביי זיי איז דען ניטא קיין זשאבעס? עס האט זיך דען ניט געטראפען חוה דער בעדריין וויפיעל מאל, אז זשאבעס זאלען איהר שפרינגען גלייך אין פנים אריין אדער פון בעט, אדער פון דער דייזשע, אדער גאר פון אוגוועז ארוים?... בקיצור, מע האט דעם רבי'ן" בעלעגט אין שטוב, און אדם מיט חוה'ן האבען זיך בע־זעצט אין גן־עדן, דאס הייסט אין באד, און האבען אכטונג גע־געבען אויפ'ן „רבי'ן", ס'זאל איהם דא זיין גוט, ער זאל האבען אלסדינג צו דער צייט, דאס עסען צו דער צייט און דאס טרינקען צו דער צייט. און מיט דער צייט זענען זיי צו איהם געוואריין שטארק צוגעבונדען, ליעב געקריגען, אזוי ווי עפיס איין איי־גענעם.

גערופען האט זיי דער אלטער רב יוזיפיל „קינדערלעך", און זיי איהם — „רבי". און ניט אומזיסט, ווארום זיי האבען אויף זייער גאנצען לעבען ביז אהער ניט געהערט אזוי פיעל תורה, וויפיעל זיי האבען זיך אנגעהערט דא פונ'ם אלטען רב רב יוזיפיל

אין איין טאָג. און אָלסדינג, וואָס זיי האָבען פון איהם געהערט, איז ביי זיי געוועזען אַ נייעס. ער האָט אויסגעזעהן ביי זיי אין די אויגען, ווי אַ מענש, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען צו פאָהרען פון זעהר אַ ווייטער מדינה און דערצעהלט זיך אָן אַזעלכע חדושים, וואָס מע האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט, און אפילו נישט געזעהען אין חלום: מיט אָפענע מיילער און מיט הארצקלאַפּעניש פלעגט דאָס דאָזיגע פּאָרעל זיצען ווינטער ביי דער לעזשאַנקע, און זומער אין דרויסען אויף דער פריזבע, און קוקען אויפ'ן „רבי'ן" און האָר־כען, ווי דער „רבי" רעדט פון רוחניות, דערצעהלט חדושים פון גאָט, פון מענשען דאָ אויף דער וועלט, און פון מלאכים דאָרט אויף יענער וועלט, פון דער ערד און פון אַלע בעשעפעגישען וואָס אויף דער ערד, און פונ'ם הימעל מיט דער זון מיט דער לבנה מיט די שטערען און מיט די אַלע איבעריגע גלגלים. און ניט איין מאָל פלעגט זיך אויסווייזען אָדם הראשונ'ען מיט חוה'ן, זיצענדיג אין דרויסען ביי דער באָד אין די וואַרעמע ליכטיגע זומער־נעכט, אַז דער דאָזיגער זקן, מיט דעם איינגעבויגענעם רוקען, מיט דעם קליינעם ווייסען בערדעל און מיט די גוטע, גוטע אויגען, איז אַליין עפּיס אַ מין רוחניות, וואָס אָט הויבט זיך עס אויף פון דער ערד און הויבט אָן שוועבען אין דער לופטען, שוועבט אַזוי לאַנג, ביז ער ווערד פערשוואונדען דאָרטען ערגיץ, צווישען די גלגלים... און זיי אַליין פיהלען אויך, ווי עס ציהט זיי עפּיס אַהין ארויף, צו יענע ווייסע פּאַסמעס און צו יענע קליינע שטער־רענדלעך; צו די נשמות, וואָס בלאַנזען דאָרט ארום און גע־פינען ניט קיין רוה...

גאָט ווייסט, אויב ס'איז נאָך עמיצען אויף דער גאַנצער וועלט געווען אַזוי גוט, ווי אונזער פּאָרעל אָדם מיט חוה'ן אין גן־עדן, און אויב עמיצער נאָך האָט געהאַט אַזאַ גליקליך עלטער, ווי דאָ, ביי זיי אין גן־עדן, האָט געהאַט דער אַלטער רב רב יוזיפיל פון כתרילעווקע.

## קאפיטעל יג.

**כמעט דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען איז רב יוזיפיל אין כעס.**

הימעל און ערד האבען געשווארען, אז קיין אייביגע זאך זאל נים זיין אויף דער ערד; און שטענדיג גוט — דאס טאר ניט זיין קיינעם ניט, אין ערגיין ניט! פארהאן א שטן מקטרג, וואס מישט זיך אריין, שטעהט ביי אונז שטענדיג הינטער די פלייצעס און היט אונז די נשמה, גיט אכטונג, מיר זאלען חלילה נישט פערגעסען אן גאט... דער דאזיגער שטן האט זיך ארייגגעכיישט אויך אהער, אין דעם גן־עדן, וואס מיר האבען אויבען בעשריבען, און האט שיער־שיער ניט ארויסגעטריבען פון דאנען אדם מיט חוה'ן, און מיט זייי אינאיינעם — נעבאך דעם אלטען עלענדען זקן; שיער־שיער ניט חרוב געמאכט דאס נעסט, שיער־שיער ניט צע־שיידט די ליעבע און געטרייע, שיער־שיער ניט פערשטעהרט דאס גליק אויף אייביג.

דאס איז געווען דעמאלט, ווען חוה די בעדערין איז געקומען פונ'ם מארק, געוואלט קויפען פישלעך — איז ניט געווען, גע־וואלט קויפען קארטאפלים — איז ניט געווען, א בינטעל ציבעלקע־לעך — איז ניט געווען, נישט געווען קיין לעבעדיגער נפש. פריי־ער האט זי געמיינט, אפשר איז זי צו־פריה ארויסגעגאנגען אין מארק? האט זי א ביסעל צוגעווארט. דערזעהן, אז ס'איז שוין גרויסער טאג, און אין מארק — איהר זאלט זאגען א משוגענער הונד! וואר־ניט־וואו זעהט זי אידען לויפען, פאקעווען זיך, קלויבען זיך אין וועג אריין. וואס איז די מעשה? מע לויפט! וואוהין לויפט מען? אין דער וועלט אריין!...

און ביז חוה איז געקומען אהיים און איבערגעגעבען דאס אדם הראשונ'ען, און ביז אדם הראשון האט דאס איבערגעגעבען דעם „רבי'ן", איז שוין העכער א האלבע שטאדט געווען אויף יענער זייט בית־עולם.

תחילת האָט רב יוזיפל גאָר ניט געוואָלט גלויבן, אַז ס'זאָל זיין אמת: זיי לויפן? וואָס הייסט, זיי לויפן? נאָכדעם האָט ער גענומען דאָס יאַמשאָווע שטעקל מיט דער אויסגעבוי־גענער בלעכענער גאָלקע, וואָס איז שוין אַלט אפשר אַזוי פיל, וויפיל ער איז רב אין כתרילעווקע, און האָט זיך מטריח געווען מיט זיין עלטער אין שטאָדט אַריין, און האָט נאָך געפונען עטליכע אידען קלויבן זיך אין וועג אַריין, האָט ער זיי אָפּגעשטעלט, און מיט אַ זיס שמייכל האָט ער גענומען זיי שטראָפן, זאָגן מוסר.

עטליכע איבערגעבליבענע אידען האָבן איהם אויסגעהערט מיט זעהר אַ טיעפען זיפץ און געזאָגט מיט אַ ביטער שמייכל:

— יאָ, איהר זענט זעהר גערעכט, נאָר פון דעסטוועגן, רבי, זעצט זיך און פאָהרט אויך מיט אונז! פאָלגט אונז, רבי, פאָהרט מיט אונז, און וואָס גיכער!

— פאָהרען? וואוהין? צו וואָס? צוליעב וועמען?

אָבער אַלע זיינע רעד זענען געווען אומזיסט אַרויסגעוואָר־פען, וואָרום די עטליכע איבערגעבליבענע אידען זענען שוין אויך געווען לאַנג פון יענער זייט שטאָדט.

געקומען אַהיים אין גן־עדן, מיין איך: צום בעדער מיט דער בעדערין אין באָד אַריין, האָט ער געטראָפען אָדם מיט חוה'ן שטאַרק פערזאָרגט, כמעט אין טרערען, און ער רופט זיך אָן צו זיי:

— וואָס זענט איהר, קינדערלעך, אַזוי פאַרצאָרענט?

— סטייטש, מאַכען זיי צו איהם, איהר ווייסט דען ניט, וואָס עס טהוט זיך? דאָ איז נאָר וואָס געווען האַפּקע?

— וואָסער האַפּקע?

— האַפּקע די ערלית'טע, די וואָס פאַרלעשט די ליכט שבת. דערצעהלט זי זיך אָן אַזעלכע מורא'דיגע זאַכען, וואָס די האָר שטעלען זיך קאַפּויר!

און אָדם מיט חוה'ן דערצעהלען איהם ביידע אינאיינעם, האַפּען איינס פאַר דאָס אַנדערע, די אַלע מורא'דיגע זאַכען, וואָס האַפּקע דערצעהלט זיך אָן וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך. און

רב יוזיפּיל דער רב זיצט אָנגעשפּאַרט אויפ'ן שטעקען און האַרכט, האָרכט מיט קאָפּ. ער זיצט און טראַכט און ענטפערען ענטפערט ער גאָר ניט. און נאָכדעם הויבט ער אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטען, לעגט־אַוועק נעבען זיך דאָס אַלטע יאַמ־שאָווע שטעקעל, טהוט אויס דאָס היטעל און בלייבט אין דער יאַרמעלקע, און רופט זיך אָן צו אָדם מיט חוה'ן:

— הערט זשע אויס, קינדערלעך, וואָס איך וועל אייך זאָגען, אז דאָס אַלסדינגג, וואָס איהר דערצעהלט אָט־דאָ, איז דאָס אַלץ פּוסטע זאַכען, ניט ווערטה קיין שמעק־טאַבעקע! הנה זייט ווי־סען, אַז לא ינום ולא יישן שומר ישראל, גאָט שלאָפט ניט. איך וועל אייך דערצעהלען אַ משל מיט אַ מלך. אַמאָל איז געווען אַ מלך...

— וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? איהר הערט בעסער, וואָס האַפּקע דערצעהלט זיך אָן! — אַזוי האַפּט זיך אַרויס אָדם הראשון און האָט באַלד חרטה: ער פיהלט, אַז ס'איז גראָבליך. זעהר גראָבליך פון זיין זייט. נאָר פערריכטען האָט ער שוין ניט געקאָנט: רב יוזיפּיל האָט זיך אָפּגעקערעוועט פון איהם, זיך אָנ־געטהאָן אין טלית ותפלין, גענומען אַ ספר, דאָס אַלטע יאַמשאָווע שטעקעל נעבען זיך, און זיך אַוועקגעזעצט ביי'ם טיש אויבען־אָן, ווי אַ מלך בשעת מלחמה, אָנגעוואָפענט פון קאָפּ ביז פיס, און געקוקט מיט גרויס גדלות, ווי איינער רעדט:

— אַנו, לאָז, אַשטייגער, עמיצער פּרובען צוטרעטען אַהער?...

און פון זיינע אַלטע שוואַרצע אויגען און פון זיינע אַלטע גרויע האָר האָט אַרויסגעקוקט אַזוי פיעל גבורה און רוהיגקייט, אַז אָדם מיט חוה'ן האָבען זיך געפיהלט, אַז נישקשה — זיי האָבען אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרען.

## קאפיטעל יד.

**צוויי שטעדט בעגעגענען זיך און צעפאהרען זיך מיט גארניט—און א סוף.**

געשניטען האט זיך דער עולם אויף דעם טראקט, וואס געהט קיין מאזעפעווקע, אין דער סביבה פון יעהופעץ, און דער ערשטער פונקט אויף אפצושטעלען זיך איז געווען קאזאדאיעווקע, אויך א אידישע שטאדט, וואס איז בעוואוסט מיט איהרע בעריהמטע ציעגען, וואס דער נאמען אליין בעווייזט שוין דערויף. קאזאדא־יעווקער ציעגען מעלקען זיך גאר אנדערש און זענען אפגעשיידט פון די כתרילעווקער ציעגען מיט זייערע הערנער, דאס הייסט דערמיט, וואס זיי האבען ניט קיין הערנער. אויפ'ן ארט פון הערנער איז ביי זיי עפּיס א מאדנע צאצקע פון פארענט, א מין של־ראש להבדיל, און זיי זענען בטבע זעהר פלאחעניסטע, געלאסען הייסט דאס און נאריש, א סך מעהר ווי די כתרילעווקער ציעגען. א קאזאדאיעווקער ציעג קאנט איהר בעגעגענען אין מיטען גאס, איהר ווייזען א ביסעל שטרוי און זאגען איהר: קאז־קאז־קאז! — שטעלט זי זיך אנידער, צענעמט די פיסלעך, חאטש נעמט מעלקט זי אויס...

אויף די אידען, להבדיל, זענען דארטען גאר נישט די אידען, וואס אין כתרילעווקע. דאס הייסט, די אידען זענען דארטען די זעלביגע אידען, וואס דא, מיט די זעלביגע נשמות, מיט די זעלביגע מאגענס, און אפילו די זעלביגע ארעמע לייט, וואס יענע. דער גאנצער חלוק איז נאר אינ'ם „ברוך־שאמר“, דאס הייסט, וואס די כתרילעווקער אידען זאגען אינ'ם דאווענען פריהער „הודו“ און נאכדעם „ברוך־שאמר“, און די קאזאדאיעווקער אידען זאגען, פערקעהרט, פריהער „ברוך־שאמר“ און ערשט נאכדעם „הודו“. דאכט זיך, וואס איז, אייגענטליך, די נפקא־מינה: דאס פריהער, יענץ פריהער? סאי ווי סאי א תפילה פון גאט. ניין, זאגט דאס ניט! אין אמאליגע גוטע יאהרען, אז די כתרי־לעווקער און קאזאדאיעווקער אידען האבען געהאט פרנסה בכבוד

און ס'איז זיי אפּגעגאַנגען, ווי מע זאָגט, נאָר קאַפּוועטיג. האָט זיך פֿאַר דעם „ברוך־שאָמר“ מיט דעם „הודו“ געגאָסען בלוט. עס האָט זיך וויפיעל מאָל געמאַכט, אז אַ קאַזאָדאָיעווקער איז געקומען קיין כתרילעווקע אין בית־המדרש אריין דאַוונען, און דער חזן האָט זיך אוועקגעשטעלט צום עמוד, אַנגערוקט דעם טלית, זיך צעשאָקעלט און אַ זאָג געטהאָן מיט אַ ניגון:

— הודו לה׳ קראו בשמו...

האָט זיך דער קאַזאָדאָיעווקער צעלאָזט אויף דער הויכער אָקטאַווע:

— ברוך שאָמר והיה העולם!

און פּערקעהרט, אז אַ כתרילעווקער איז געקומען קיין קאַזאָ־דאָיעווקע אין שוהל אריין, און דער חזן האָט זיך פּער'דבקה'ט, נאָר־וואָס פּערמאַכט די אויגען, אויפגעהויבען דעם קולאָק און אַנגעהויבען דעם „ברוך־שאָמר והיה העולם“, האָט זיך דער כתרי־לעווקער צעלאָזט אויפ'ן געלענקעל:

— הודו לה׳ קראו בשמו הודיעו בעמים עלילו—ו—ו—ו—תיו!

דער „הודו“ אַליין איז פֿאַר די קאַזאָדאָיעווקער ניט געווען אזוי פּריקרע נאָך, ווי דער „עלילותיו“, וואָס דער כתרילעווקער האָט אויסגעצויגען אפשר אויף אַנדערהאַלבען קלאַפּטער. ממה נפשך, ווילסט זאָגען „הודו לה׳ קראו בשמו הודיעו בעמים עלילותיו“? — שטעל זיך אוועק און זאָג דיר דאָרטען אָפּ: „הודו לה׳ קראו בשמו הודיעו בעמים עלילותיו“. צו וועלכע גוטע יאָהר נוצט דאָס דיר, אז דו זאָלסט אַזוי אויסציהען אויף אַ קול דעם „עלילו—ו—ו—ו—ותיו“? טהוסט דו דאָך עס, אַפּנים, אויף צו־להכעים? איז ווי באַלד דו ביזט אַזאַ צו־להכעיס'ניק, קומט דיר פּעטש! און מע האָט איהם דעמאָלט אריינגעלעגט וויפיעל ס'איז אין איהם אריין, און עס האָט זיך אַנגעהויבען צווישען די כתרילעווקער און קאַזאָדאָיעווקער אידען אַ שנאה און געצייגען זיך לאַנגע־לאַנגע יאָהרען. אַנגעהויבען האָט זיך

עס מיט פעטש און אויסגעלאזט מיט מסירות און מיט יאבעדעס און מיט גראבעניש און מיט בעגראבעניש — די וועלט האט מיט זיי דעמאלט געהאט צו טהון, ווילד־פרעמדע האבען זיך אריינגעמישט אין זייערע משפטים, געמאכט חוזק פון זיי מיט זייערע אידישע מנהגים און פוסטע גענג, זיי געגעבען א שענעם נאמען „פאנאטיקער“. בקיצור, ס'איז געווען פע, הןלשי חלשות!

אמת, יענע נארישע נאר גליקליכע יאהרען זענען שוין לאנג אוועק, און גאט ווייסט, אויב זיי וועלען זיך אמאל אומקעהרען; אמת, עס האט זיי אלעמען אזוי פערדרעהט דעם קאפ, אז זיי האבען גרעסערע מכות פון „חודו“ מיט'ן „ברוך־שאמר“; נאר די שנאה צווישען די כתרילעווקער מיט די קאזאדאיעווקער איז פערבליבען א שנאה, וואס מיט'ן שכל קאן מען זי ניט געבען יענעם צו פערשטעהן בשום אופן... גאה, אשטייגער, גיב צו פערשטעהן דעם שכל, פאר וואס, למשל, אז א קליין שייגעצעל אין כתרילעווקע, אז סע דערזעהט א אידען, מוז דאס חאפען דאס היטעל אין די צייהן און אנהויבען טרייסלען דאס אהין און אהער און זינגען בשעת מעשה א ליעדעל: „זשיד זשיד! חאלאמיד! זאהוביוו טשערעוויק! א יא שאוו! טאי נאשאוו! טאי פידניאוו! טאי פישאוו!“ אדער פערקעהרט; געהט זייט א חכם און גיט צו פערשטעהן דעם שכל, פון וואנען נעמט זיך דאס, אשטייגער, וואס ביי א כתרילעווקער אידען, וויבאלד ער רעדט פון ניט קיין אידען, אזוי הויבט ער אן אויסנוצען וויפיעל ער האט לשון־קודש־ווערטער: „געב דעם ערל אין די ידים א צנצנת יי"ש, נאר ניט מלא, מיט א שטיקעל לחם, ווארום ער האט נאך היינט גאר ניט גע'אכל'ט, און זיי איהם משלם צוויי זהובים, און לאז ער הלכ'ענען, נאר געב אכטונג מיט די עינים, ער זאל עפים ניט לקח'ענען“... דאס זענען פון די זאכען, וואס פערשטעהן מיט'ן שכל קאן מען דאס ניט, מע בעדארף עס פיהלען.... נאר מיר קעהרען זיך אום צו די רתרילעווקער און קאזאדאיעווקער אידען.

פאַרהאַן אַזעלכע מאָמענטען אינ'ם מענשענ'ס לעבען, וואָס אַלסדינג ווערד פערגעסען, אַלסדינג ווערד אָפּגעמעקט, גלייך ווי גאָר ניט געווען; און ס'איז אַ גליק, וואָס עס איז אַזוי. אַניט, וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט! גאַנץ גלייך האָבען אונזערע חכמים מתקן געווען, אַז ערב יום־כפור, בשעת מלקות שלאָגען, איז מען זיך איינס דאָס אַנדערע מוחל.

אויף די שנאה פון די כתרילעווקער מיט די קאַזאַדאַיעווקער, אַז זיי האָבען זיך בעגעגענט אין וועג אין אַזאַ שען שטיקעל צייט פון בהלות און לויפעניש, איז מיט אַ מאָל אָוועקגעפלויגען, ווי מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך — אוים שנאה! און בעגעגענט האָט זיך כתרילעווקע מיט קאַזאַדאַיעווקע פונקט אויף דער מיט־וועג, אין פעלד, ניט ווייט פון יענעם אָרט, וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען אַ אידישע קרעטשמע, וואָס מען האָט זי גערופען „די דעמבענע", און וואָס האָט איבער'ן מאַנאַפּאָל געמוזט צומאַכען זיך. עס האָט איהר גאָר ניט געהאָלפען!

אַז כתרילעווקע מיט קאַזאַדאַיעווקע האָבען זיך בעגעגענט, האָבען זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט, און ס'איז צווישען די צוויי פאַרגעקומען אַזאַ מין געשפּרעך:

כתרילעווקע: וואוהין פאָהרען דאָס, אַשטייגער, אידען?

קאַזאַדאַיעווקע: וואוהין פאָהרט איהר?

כתרילעווקע: מיר? מיר פאָהרען גלאַט אַזוי, איטליכער מכח זיין עסק, פאַ דיעלו הייסט עס...

קאַזאַדאַיעווקע: אַ גאַנצע שטאָדט פאָהרט מכח עסק?

כתרילעווקע: וואָס זענט איהר? ניט קיין גאַנצע שטאָדט?

קאַזאַדאַיעווקע: מיר זענען עפּיס אַנדערש; מיר פאָהרען ניט — מיר לויפען.

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע: פון וואנען־זשע ווייסט איהר, אז מיר — נים?

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע: אט אזוי זשע רעדט. וואוהין־זשע לויפען דאס אידען?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע: וואוהין לויפט איהר?

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע: מיר? מיר לויפען... צו אייך.

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע: און מיר צו אייך.

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע: וואס וועט איהר טהון ביי אונז?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע: דאס אייגענע, וואס איהר ביי אונז.

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע: הערסט! וואס זשע דארפען מיר לויפען צו אייך און איהר צו אונז?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע: בכדי, אפנים, מיר זאלען זיך בייטען מיט די ערטער?

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע: ווערטלעך אויף א זייט! איהר זאגט אונז בעסער דעם שכל: וואס לויפט איהר?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע: וואס לויפט איהר?...

. . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

ערשט אט־דא, אז די צוויי שטעדט האבען זיך צערעדט, זיך רעכט בעטראכט איינס דאס אנדערע און אנגעקוקט זיך אקוראט ווי עס געהער צו זיין, מיט זייטיגע אויגען, האבען זיי ארויסגעזעהען, וואס פאר א פנים זיי האבען...

— געזעהען אביסעל? זיך צעלאזט! מע לויפט! וואס לויפט מען? וואוהין לויפט מען? א לויפעניש אויף זיי!

און מע האט אנגעהויבען ווישען די אויגען, וויינען און קרעכצען:

— אז אך און אז וועה איז צו אונז אלעמען, אויף וואס מיר זענען איבערגעקומען!

און מע האט זיך צערעדט, אנגערעדט ווי די פויקען, זיך אויסגערעדט דאס הארץ... און נאכדעם האט מען זיך געגעבען

די הענד, מע האָט זיך גאַנץ פיין אָפּגעזעגענט און צעקושט זיך גאָר פריינדליך, ווי אמת'ע גוטע פריינד, ווי מחותנים, וואָס האָבען זיך נאָר־וואָס משדך געווען, אָדער ווי מאַן און ווייב, וואָס האָבען זיך גע'גט און צוריק גענומען זיך, און מע האָט אויסגע'בטל'ט אַלע בייזע ווייסטע חלומות אויף די שונאים'ס קעפּ, און מע האָט זיך געווינשעוועט איינס דאָס אנדערע, אז דערמיט זאָל מען שוין אָפּקומען, געזאָגט מיט אַ ביטערען געלעכטער: „יהי רצון“... און מע האָט אַ וואונק געטהאָן צו די ערלים, זיי זאָלען מוחל זיין פערקערעווען די פערדלעך צוריק.

און די צוויי שטעדט זענען זיך צעפאָהרען צוריק אויף זייערע ערטער: כתרילעווקע קיין כתרילעווקע, קאַזאָדאָיעווקע קיין קאַזאָדאָיעווקע. שטיל, אָהן ווערטער, האָט מען זיך אריינגע־גנב'עט צו זיך אַהיים, ווי די פויגעלעך, איטליכער אין זיין נעסט אריין. שטיל, אָהן ווערטער, האָט זיך איטליכער גענומען צו זיין ארבייט, און נאָך לאַנג נאָכדעם פלעגט מען איבער'חזר'ען, איבערערעדען, דערמאָנען זיך נאָך אַ מאָל פון דער שענער בהלה, וואָס ס'איז אויף זיי געווען. און בכדי די שפּעטערדיגע דורות, אונזערע קינדס־קינדער, זאָלען אויך ווענען דעם וויסען, האָבען מיר זיך מטריח געווען בעשרייבען די דאָזיגע שענע עפּאָפּעע אין אונזער פּראָסטער אידישער שפּראַך און אַרויסגעבען זי בעזונדער אין אַ ביכעל, ס'זאָל בלייבען נאָך אונז אַ זכר אויף דור־דורות.

# אויסגעטרייסעלט

— שאט! — רופט זיך אן א איד מיט קיילעכיגע אויגען, ווי ביי איין אכס, וואס איז געזעסען די גאנצע צייט אין ווינקעל ביי'ם פענסטער און האט געריכערט און געהערט מעשיות פון גנבות, גזילות, עקספראפריאציעס. — אט וועל איך אייך דערצעהלען א שענס, אויך מיט א גנבה, וואס האט זיך פארלאפען ביי אונז, און דוקא אין בית־המדרש האט זיך דאס געטראפען, און נאך יום־כפור דערצו! איהר מעגט דאס הארכען.

אונזער שטעדטעל כתרילעווקע, — איך בין אליין א כתרילעווקער — איז א קליין שטעדטעל און איין ארעמס. קיין גנבים איז ביי אונז נישטא. מע גנבה'ט נישט, ס'איז נישטא ביי וועמען צו גנבה'נען, און ס'איז נישטא וואס צו גנבה'נען. און אחוץ אלעמען איז דאך גלאט א איד קיין גנב נישט. דאס הייסט, א איד איז אפילו יא א גנב, פאר נישט אזא גנב, וואס זאל קריכען דורך א פענסטער, אדער געהן מיט א מעסער יענעם קוילען. דרעהען, אויסדרעהען, ארייגדרעהען, פארדרעהען און אפדרעהען יענעם דעם קאפ — דאס מהכתיתי; אבער נישט קריכען יענעם אין קעשענע אריין, מע זאל איהם חאפען פאר דער האנד און מע זאל איהם נאכדעם באדארפען פיהרען מיט א געלער לאטקע אויף דער פלייצע — דאס פאסט פאר איוואן זלאדי, אבער נישט פאר קיין אידען... שטעלט אייך פאר, האט זיך ביי אונז אין כתרילעווקע געטראפען א גנבה, און נאך וואסער א גנבה — אכצעהן הונדערט קארבען אין איין קלאפ!

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, עס קומט צו פֿאָהרען צו אונז אין שטאָדט אַריין איין אורח, עפּיס אַ איד אַ פֿאַדראַטשיק פֿון דער ליטאַ, פּונקט אום ערב יום־כפּור פֿאַר מנחה, שטעלט זיך אָפּ, געוויינטליך, אויף איין אַכסניה, לעגט־אָפּ דעם קלומיעק און לאָזט זיך געהן גלייך אין שוהל אַריין און טרעפט אין אַלטען בית־המדרש. געקומען אין בית־המדרש צו מנחה, טרעפט ער די גבאים ביי דער שיסעל. — „שלום עליכם!“ — „עליכם שלום“. — „פֿון וואַנען איז אַ איד?“ — „פֿון דער ליטאַ“. — „מה שמכם?“ — „וואָס איז אייער באַבע'ס דאגה?“ — „איהר זענט דאָך געקומען אין אַ שוהל“. — „וואוהין דען זאָל איך געהן?“ — „ווילט איהר מסתּמא ביי אונז דאַוונען?“ — „אַ ברירה האָב איך? וואָס דען זאָל איך טהון?“ — „גיט־זשע עפּיס אין שיסעל אַריין“. — „וואָס דען, אומזיסט וועל איך דאַוונען?“

קיצור־הדבר, אונזער אורח נעמט אַרויס דריי זילבערנע קאָר־בען און גיט אין דער שיסעל אַריין, און אַ חוץ דעם — אינ'ם חזנ'ס טעלער אַ קאַרב, דעם רב אַ קאַבּ, אויף דער תלמוד־תורה אַ קאַרב, אין צדקה־טעלער אַ חצי פּויגעל, אַ חוץ וואָס ער האָט צעטיילט די אָרעמע לייט, וואָס ביי דער טהיר, — זיי זענען פֿאַרהאַן ביי אונז, קיין עין־הרע, אַזוי פּיעל, אַז מע זאָל זיך וועלען צולאָזען צו זיי, באַדאַרף מען צעטיילען רויטשילד'ס פֿאַרמעגען.

דערזעהען אַזאַ מין אורח, האָט מען דאָך איהם מסתּמא אָפּ־געטראַכטען אַ שטאָדט פֿאַמע אין מזרח־וואַנט. אַי, וואו האָט מען געגנביעט אַ שטאָדט, אַז אַלע שטעדט זענען פֿאַרנומען? איז קיין קשיא נישט. למאי וואו נעמט זיך איין אָרט, אַז סע מאַכט זיך אַ שמחה, אַ חתונה, אָדער אַ ברית, אַלע זיצען שוין אַרום טיש, פּלוצים ווערד אַ גערודער, — וואָס איז? דער נגיד איז געקומען! קוועטשט מען זיך אַזוי לאַנג, ביז מע מאַכט איין אָרט פֿונ'ם נגיד'ס וועגען. קוועטשען זיך איז אַ אידישע זאַך; אַז קיינער קוועטשט זיי נישט, קוועטשען זיי זיך אַליין...

דער איד מיט די קיילעכיגע אויגען שטעלט זיך אפ, בעטראכט דעם עולם, וואס פאר איין איינדרוק עס האט געמאכט אויף אונז זיין וויץ, און דערצעהלט ווייטער.

— קיצור־הדבר, אונזער אורח האט זיך באזעצט אויבען־אן און האט געבעטען ביי'ם שמש א שטענדער. אנגעבויגען זיך איבער'ן שטענדער, האט זיך אונזער אורח צו כל־נדרי אנגעטהאן אין טלית און אין קיטעל און האט זיך אוועקגעשטעלט דאווענען. האט ער געדאווענט און געדאווענט, די גאנצע צייט געשטאנען אויף די פיס, זיך נישט צוגעזעצט — פון צולעגען זיך שמועסט מען נישט! — ער איז נישט אפגעטראטען פונ'ם שטענדער אויף קיין מינוט. דער ליטוואק, סיידען דעמאלט, ווען מע האט באדארפט זיך שטעלען שמונה־עשרה אדער פאלען כורעים... אפפאסטען אזא טאג און אויסשטעהן אזוי די פיס, זיך נישט צוזעצען אפילו — דאס קאן נאר א ליטוואק!... ערשט נאכ'ן לעצטען בלאז, אז ס'איז געקומען צום וואכעדיגען מעריב, און חיים־חנא דער מלמד (דער מעריב קומט חיים־חנא דעם מלמד פון קדמונים) האט זיך אנגעהויבען ציקלען: „המעריי־יי־ייב ערבים!“ — פלוצים הערט זיך א געשריי: „גוואלד! גוואלד! גוואלד!“... מע טהוט א קוק — דער אורח ליגט אויף דער ערד און חלש'ט. מע גיסט איהם אפ מיט וואסער, מע מינטערט איהם אפ — ער חלש'ט ווייטער. וואס איז די מעשה? א שענע מעשה. ער האט געהאט מיט זיך, דער ליטוואק הייסט דאס, אכצעהנהונדערט קארבען, האט ער מורא געהאט, זאגט ער, זיי איבערצולאזען אויף דער אכסניה — א ווערטעלע אויסצורעדען אכצעהנהונדערט קארבען! וועמען פארטרויט מען אזא מטמון מיט געלט אין א פרעמדער שטאדט? האלטען זיי ביי זיך אין קעשענע אום יום־כפור איז עפיס אויך נישט קיין פלאן. האט ער זיך מיישב געווען, זאגט ער, און האט זיי אריינגערוקט שטילערהייד אין שטענדער אריין — א ליטוואק קאן! אצינד פארשטעהט איהר שוין, פאר וואס ער איז נישט אפגעטראטען פונ'ם שטענדער אויף קיין מינוט?... נאר בשעת שמונה־

עשרה שטעהן אדער בעת כורעים פאלען האט, אפנים, דאס געלט עמיצער ארויסגע׳לקח׳ענט.

קיצור־הדבר, ער גוואלדעוועט, ער וויינט, ער לעגט־איין די וועלט: וואס וועט ער איצטער טהון אהן געלט? ס׳איז, זאגט ער, פרעמד געלט, ס׳איז נישט זיינס, ער איז נאר א משולח פון א קאנ־טאר, א איד איין ארעמאן, זאגט ער, און א מטופל מיט קינדער, — עס קומט דאך איהם איצטער, זאגט ער, נאר נעמען און אריינ־ווארפען זיך אין וואסער אריין, אדער אויפהענגען זיך, זאגט ער, אט דא אין שוהל פאר אלעמען אין די אויגען!!...

דערהערט אזעלכע דבורים, איז דער גאנצער עולם געבליבען שטעהן ווי געלעהמט, גאר פארגעסען, אז ס׳איז נאך א תענית און מע באדארף געהן אהיים גיכער זיך אפפאסטען. ס׳איז אונז געוועזען א בזיון פאר׳ן אורח, א חרפה, א בושה פאר זיך אליין: אזא גנבה, אכצעהן הונדערט קארבען! און וואו? אין בית־המדרש, אינ׳ם אלטען כתרילעווקער בית־המדרש! און ווען? יום־כפור! אזא מעשה איז ניט געהערט געווארען אין דער וועלט!

— שמש! פארשלים די טהיר! — אזוי האט געגעבען א בע־פעהל אונזער רב. מיר האבען אונזער אייגענעם א רב, הייסט ער רב יוזיפיל, איין אמת׳ער איין עהרליכער איד, א כשר׳ער, אפילו נישט אזא איבערגעשפיצטער, נאר א מזג־טוב, א מענטש אהן א גאל. ער האט אין זיך אמאל אזעלכע איינפאלען, וואס איהר וועט דערויף קיינמאל נישט פאלען, איהר זאלט זיין מיט אכצעהן קעפ! פארשלאסען די טהיר פונ׳ם בית־המדרש, רופט זיך אן רב יוזיפיל דער רב צום גאנצען עולם, און אליין איז ער בלאס, ווי די וואנט, די הענט ציטערען איהם און די אויגען ברענען:

— שמעו נא, רבותים, הערט צו, אידען, ס׳איז א מיאוס׳ע מעשה! אזא מעשה איז נאך נישט געהערט געווארען זינט די וועלט שטעהט, אז ביי אונז, אין כתרילעווקע, זאל זיך געפינען אזא בעל־עבירה׳ניק, אזא פושע־ישראל, וואס זאל האבען א פא־טעפאלנעסט צונעמען ביי א פרעמדען מענטשען, נעבאך א טאטע

פון קינדער, אזא אוצר מיט געלט, און ווען? אין אזא הייליגען טאג, ווי יום־כפור, און אפשר נאך צו נעילה, — אזא מעשה איז דאך נישט געהערט געווארען זינט די וועלט שטעהט! סע גלויבט זיך מיר גארנישט, אז ס'קאן געמאהלט זיין אזא זאך, סע קאן נישט זיין בשום ענין ואופן! און אפשר, א קשיא אויף א מעשה, אידען זענען נעבאך זשעדנע א קערבעל, ובפרט נאך אזא איין אוצר, אכצעהנהונדערט קארבען, דער יצר־הרע רחמנא ליצלן איז גענוג גרויס, טאמער איז עמיצער פון אונז געשטרויכעלט געווארען, באשערט געוועזן עמיצען נעבאך איין אומגליק, טהון אזא איין עבירה אין אזא טאג, באדארפען מיר זעהען די זאך חוקר ודורש זיין, דערגרונטעווען זיך ביז'ן שורש. הימעל און ערד האבען געשווארען, אז דער אמת מוז ארויף ווי בוימעהל אויפ'ן וואסער. על כן, זאגט ער, באדארפען מיר זיך באזוכען איינס דאס אנדערע, באזוכען, באטאפען, טרייסלען אלע קעשענעס, פונ'ם ערשטען בעל־הבית, זאגט ער, ביז'ן שמש, נישט דורכלאזען קיינעם נישט. נאט, אידען, טרייסעלט מיך!

אזוי האט זיך אפגעזאגט אונזער רב, רב יוזיפיל, און האט זיך דער ערשטער צעגארטעלט די קאפאטע און איבערגעקעהרט אלע קעשענעס אויף דער לינקער זייט. און, אויף איהם קוקענדיג, האבען אלע בעלי־בתים זיך צעגארטעלט און אויסגעקעהרט די קעשענעס, און מע האט גענומען באזוכען און באטאפען און טרייסלען איינס דאס אנדערע, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז ס'איז געקומען צו לייזער־יוסל'ען, איז ער געווארען אלערליי געשטאלטען און האט אנגעהויבען טענה'ען, ערשטענס, אז דער אורח איז א שווינדלער, ס'איז א מאגיפארגע פון א ליטוואק, מע האט ביי איהם קיינער קיין געלט נישט גע'גנבה'ט, שקר וכזב, — איהר זעהט נישט, אז ס'איז א געמאכטע זאך?...

האט דער עולם אנגעהויבען ליארעמען נאך שטארקער: סטייטש, בעלי־בתים האבען זיך געלאזט באזוכען, פאר וואס זאל מען לייזער־

יוסל'ען אויסמיידען? נישטא קיין מיוחסים! „באַזוכען! באַ־זוכען!" — האָט געשריגען דער גאַנצער עולם.

לייזער־יוסיל האָט דערזעהן, אַז ס'איז שלעכט, האָט ער אָנגע־הויבען בעטען זיך רחמים, מיט טרערען אויף די אויגען, מע זאָל איהם נישט באַזוכען. ער האָט זיך געשוואָרען מיט כל השבועות, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס, ווי ער איז ריין פון דער גנבה. נאָר וואָס דען? ס'איז איהם אַ בזיון, זאָגט ער, ער בעט, מע זאָל רחמנות האָבען אויף זיינע יונגע יאָהרען און מע זאָל איהם נישט אָנטהון דעם בזיון, מע זאָל איהם נישט באַזוכען. „טהוט מיר, זאָגט ער, וואָס איהר ווילט, נאָר טרייסלען זאָלט איהר מיך נישט!" ווי געפעלט אייך אַזאַ ימח־שמו'ניק? ווי מיינט איהר, אַשטייגער, מע האָט איהם עפּיס געהערט? געלעגט כבוד?...

נאָר שאַט! איך האָב אייך גאָר פאַרגעסען דערצעהלען: ווער איז דער לייזער־יוסיל. דער דאָזיגער לייזער־יוסיל איז אַליין נישט קיין כתרילעווקער, ער איז גאָר אַליין פון אַלדי שוואַרצע יאָהר, נאָר ער שטעהט איין ביי אונז אין כתרילעווקע פאַר איי־איידעם. דאָס האָט איהם אונזער נגיד אויסגעקראַצט פון ערגיץ. זיך באַריהמט, אַז ער האָט דערטאַפּט איין אבן־טוב, געהאַנדעלט אַ מציאה פאַר זיין טאָכטער, טויזענד בלאַט גמרא אויף אויסווענינג, און אַ בעל־תנ"ך, און אַ בעל־לשון־קודש, און אַ בעל־חשבון, תשבורה מיט אַלגעברע, און אַ כתבא־רבא, הכלל מיט אַלע זיבעצעהן מעלות! געבראַכט צו פיהרען די צאַצקע, איז מען געגאַנגען קוקען אויף חדושים: וואָס האָט דאָ דער נגיד איינגעהאַנדעלט פאַר אַ מציאה. מילא, אַזוי אַ קוק טהון אויף איהם, איז גאָר נישט, אַ יונ־גערמאַן אַ זכר, נישט קיין מיאוס'ער יונגערמאַן, נאָר די נאַז אביסעל צו אַ לאַנגליכע, אויגען ברענענדיגע, ווי צוויי קויהל פייער, און אַ מויל — פעך און שוועבעל! מע האָט זיך גענומען מיט איהם פאַר־הערען אַ בלאַט גמרא, אַ קאַפּיטעל פּסוק, אַ שטיקעל רמב"ם, דאָס, יענץ — אש להבה! ער איז קלאָר, דער הונט, אומעטום, ווי אַ גוי אין אשרי, וואו מע טהוט איהם אַ חאַפּ, איז ער אין דערהיים!

רב יוזיפיל אליין האט אויף איהם געזאגט, אז ער מעג זיין א רב בכל תפוצות ישראל... און פון די אלע היינטיגע זאכען שמועסט מען נישט. איהר קאנט פארשטעהן, ביי אונז איז פארהאן איינער א גאנצער חקרן, זיידעל רב שעיה'ס, א רעכטער משוגע'נער, איז ער א הונט אקעגען לייזער־יוסל'ען! היינט זיין שפיעלען אין שאך פארמאגט נישט די גאנצע וועלט! אז מע שמועסט א געראטענער!

אודאי האט די שמאדט מקנא געווען אונזער נגיד אויף אזא תכשיט, האטש אפילו דער עולם האט געשמועסט, אז דער תכשיט איז געחאפט אויף דער מעשה. דהיינו? ס'איז נישט געפעלען דער עולם, וואס ער איז צו קלוג (וואס צו — איז איבעריג) און איז צו פיעל איין עניו ביי זיך, א גוטער ברודער מיט איטליכען באזונדער, זאפאני־בראטא מיט'ן קליינסטען פונ'ם קלענסטען. עס מעג זיין א בחור, עס מעג זיין א מיידעל, עס מעג זיין איין אשת־איש... היינט איז נישט געפעלען דאס ארומגעהן זיינס — פארטראכט, קומט אין שוהל אריין שפעטער פון אלעמען, טהוט אן דעם טלית און קוקט אין „באר־מים־חיים", אדער אין „אבן־עזרא" אריין, די יארמעלקע פון יענער זייט, און דאוונען נישט א לעק! מע זאל עפּיס זעהן אויף איהם שלעכטס האט מען נישט געזעהען גאר נישט, נאר געמורמעלט האט מען, אז קיין גרויסער ירא־שמים איז ער נישט — א מענטש מיט אלע מעלות קאן נישט זיין!

כך הוה. אז ס'איז געקומען צו לייזער־יוסל'ען און מע האט זיך גענומען צום בחור, וואס איז די מעשה, וואס ער לאזט זיך נישט באזוכען — דאס איז דאך שוין א סימן, אז דאס געלט איז ביי איהם! מאכט ער: לאז מען איהם געבען א שבועה דאורייתא, לאז מען איהם שניידען, בראקען, בראטען, ברענען, אבי נישט טרייסלען די קעשענעס! דא איז שוין אונזער רב רב יוזיפיל, האטש ער איז א מענטש אהן א גאל, אויך ארויס פון די כלים און האט זיך צעשריגען אויף איהם:

— דו אזעלכער און אזעלכער! ביזט דאך ווערטה, מע זאל דיך וויים איך וואס! סטייטש, דו זעהסט, סע צאפט זיך אידען

בלוט, אַלע זענען מוחל אויפ'ן בזיון און לאָזען זיך באַזוכען. ווילס דו זיין אַ יוצא מן הכלל? ! ממה-נפשך, אָדער זיי זיך מודה און גיב-אָפּ דאָס געלט, אָדער ווייז די קעשענע! דו שפּיעלסט זיך מיט, קיין עין-הרע, אַיין עדה אידען? מע וועט דאָך דיר דאָ איך ווייס אַליין נישט וואָס!

קיצור-הדבר, דער עולם האָט איהם גענומען, דעם שענעם בחור, מע האָט איהם אַנידערגעלעגט מיט גוואַלד און מע האָט איהם גענומען באַזוכען און באַטאַפּען, טרייסלען אַלע קעשענעס, און מע האָט ביי איהם אויסגעטרייסעלט... אַנו, טרעפט וואָס? אָפּ-געגריזעטע ביינער פון אַ פערטעל עוף און אַ פּאָר טוץ נאָך גאָר פרישע קערלעך פון נאַר-וואָס אויפגעגעסענע פלוימען! איהר פאַרשטעהט, וואָס פאַר אַ חן דאָס האָט געהאַט, אַז מע האָט אויס-געטרייסעלט ביי אונזער תכשיט דעם דאָזיגען אוצר?... איהר פאַרשטעהט, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט געהאַט. און דער שווער זיינער, דער נגיד, און דער רב נעבאַך?... אונזער רב יוזיפיל האָט זיך פאַר בזיון אָפּגעקעהרט אין-אַ זייט, נישט געקאָנט קוקען גלייך אין די אויגען אריין. און אַז דער עולם איז נאָכדעם געגאַנגען פון בית-המדרש אַהיים אָפּפּאַסטען זיך, האָט מען נישט אויפגע-הערט צו דערצעהלען פונ'ם אוצר, וואָס מע האָט אויסגעטרייסעלט ביי'ם תכשיט און מע האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער! נאָר איין רב יוזיפיל איז געגאַנגען איינער אַליין, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פאַרזאָרגט און פאַרצאַרענט, נישט געקאָנט קוקען קיינעם אין די אויגען אריין, גלייך ווי מע וואָלט דאָס אויסגעטרייסעלט ביי איהם אַליין...

דער איד האָט, ווייזט אויס, געענדיגט זיין געשיכטע, וואָרום ער האָט זיך גענומען צוריק צום רויכערען.

— נו, און דאָס געלט? — האָבען מיר איהם אַ פרעג גע-געבען אַלע אין איין קול.

— וואָסער געלט? — מאַכט צו אונז דער איד תמ'עוואַטע און בלאָזט דעם רויך.

— וואס הייסט וואסער געלט ? די אכצעהנהונדערט...

— א־א־א ? — ציהט ער אוים. — די אכצעהנהונדערט ? פארפאלען.

— פארפאלען ?

— פאר — פא — לען ! ! !

# די גאָלדשפּינערס

## אַ קורצער אַריינפאָהר.

די „גאָלדשפּינערס“ — פרעגט זיי עפּיס גרינגערס, ווי אַזוי שפּינט מען דאָס גאָלד? דאָס האָט מען זיי נאָר אַזאַ נאָמען געגעבען אין כתרילעווקע מחמת קנאה; מען איז זיי מקנא, פערשטהעט איהר מיך, וואָס זיי זענען גרויסע פערדיענער. דאָס הייסט, קבצנים זענען זיי, ניט פאַר אַייך געדאַכט, גלייך מיט אַלע כתרילעווקער אָרעמע־לייט, נאָר אַז עס קומט פּורים, פערדיענען זיי שטיקער מיט גאָלד. דער אויבערשטער האָט זיי געבענשט אַלע פון זיין ברייטער האַנד, יעדען כ׳יט אַ בעזונדער טאַלאַנט, און מענשען מיט טאַלאַנט איז די וועלט מקנא. דאָס איז שוין אַזוי אַלט, ווי די וועלט איז אַלט. מיר ווילען זיך דעריבער גאָר ניט אָפּשטעלען אַפילו אויף אַ מינוט און געהען אַריבער גלייך צו אונזערע בעשרייבונגען.

---

## א.

### דער קאָפּ פון די גאָלדשפּינערס: נפתלי מיט די פּיס.

נפתלי מיט די פּיס איז אַ איד מיט סכנות־לאַנגע פּיס, וואָס הויבען זיך אָן ביי איהם כמעט פון דעם האַלז. קיין מענש איז ניט אימשטאַנד מיט נפתלי׳ן צו געהן און ניט בלייבען פון הינטען;

ניט מחמת דער גאַנג איז ביי איהם אַזאַ גיכער, נאָר ווייל דער שפּאַן איז אַ ברייטער. אָט, דאַכט זיך, זעהט איהר איהם אויף דער זייט גאַס. איהר טהוט זיך אַ ריהר — אַהאַ, ער איז שוין אויף יענער זייט. די דאָזיגע פיס — דאָס איז נפתלי'ס קאַפּיטאַל, זיינע כלי־זין, זיינע ברויט־געבער. בקיצור, נפתלי איז אַ איד אַ מעקלער.

קומט צו פאָהרען אַ פּריץ קיין כתריל֗עווקע איין מאָל אין אַ יובל, דערשמעקט נפתלי, אַז אַ פּריץ איז געקומען, טהוען איהם אַ טראָג די פיס אויף דער אַכסניא: „אַדינ'י פּריץ, וואָס איז דיין באַגעהר?" — און וואָס דער פּריץ זאָל ניט בעגעהרען, וועט איהם נפתלי ברענגען אין איין מינוט: אַ שניידער, אַ שוסטער, אַ שמיעד, אַ דיענסט, אַ פערד, אַ טאַראַנטאַס, אַ צירולניק, אַ פעלדשער, אַ מכשף, אַ שוואַרץ־יאָהר. קיין „ניין" איז גאָר נישטאָ ביי איהם. ־ער גאַנצער חסרון איז, וואָס נפתלי איז ניט איינער אויפ'ן יריד. פאַרהאַן אין כתרילעווקע, אַחוץ איהם, נאָך מעקלערס. וויפיעל אידען, כמעט אַזוי פיעל מעקלערס, און יעדענפאַלס — מעהר מעק־לערס, ווי פּריצים.

פון דעם איז גרינג צו פערשטעהן, וואָס פאַר גאָלדענע געשעפ־טען נפתלי מיט די פיס מאַכט און ווי שען ער וואָלט אויסגעזעהן, ווען גאָט־ברוך־הוא זאָל ניט מזכה זיין זיין ליעב פאָלק ישראל מיט דעם ליעבען, טייערען, פריילִיכען, לעבעדיגען יום־טוב פורים. אין דעם דאָזיגען ליעבען, טייערען, פריילִיכען, לעבעדיגען יום־טוב האָט זיך אַרויסבעוויזען נפתלי'ס טאַלאַנט מיט זיין גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ. נפתלי איז אַ געבאָרענער אַרטיסט, און פורים־שפּיעל איז ווי אָנגעמאָסטען פאַר זיינע לאַנגע פיס.

אין פלוג וועט אייך אויסקומען אפשר קאָמיש. וואָס קעהר זיך אָן פורים־שפּיעל צו פיס? האָט קיין פאַראיבעל נישט, עס קעהר זיך אָן זעהר שטאַרק! נפתלי איז נישט קיין אחשורוש, נישט קיין המן, נישט קיין מרדכי און נישט קיין ושתי. ער איז נישט מעהר, ווי אַ ממוכן, אַ מין הויפמייסטער ביי'ם קעניג אחשורוש; און ווער עס איז בעקענט מיט'ן בעריהמטען אחשורוש־שפּיעל,

דער וועט פערשטעהן, אַז די ראַליע פון ממוכן איז זעהר אַ וויכ־טיגע ראָליע. אויף ממוכנ'ען, קאָן מען זאָגען, שטעהט דאָס גאַנ־צע שפּיעל. דאָרף מען אריינרופען ושתי'ן, זי זאָל קומען פאַר'ן קעניג אחשורוש אַ נאַקעטע, ווי די מאַמע האָט זי געהאָט, — איז ממוכן. דאַרף זיך דער קעניג האַלטען איין עצה, וואָס טהוט מען מיט ושתי'ן, וואָס זי וויל נישט געהן קיין נאַקעטע, — איז ממוכן. דאַרף זיך מרדכי דורכרעדען דיפּלאָמאַטיש מיט אסתר'ען, — איז ממוכן. הכלל — ממוכן דאַ, ממוכן דאָרט, ממוכן און ממוכן! און איהר בעדאַרפט זעהן, ווי אונזער ממוכן אַרבייט מיט די פיס. אָט האָט איהר אייך אַ ביישפּיעל:

עס עפענט זיך אויף די טיר און עס קומען אריין די פורים־שפּיעלער מיט'ן ברייטען „גוט יום־טוב". נאַטירליך, בלייבען אַלע אַקטיאָרען שטעהן הארט ביי די וועגד, מיט די הענד אַראָפּ; נאָר איין ממוכן טרעט־אַרויס מיט די לאַנגע פיס, מיט אַ שווערד אין דער האַנד און מיט אַ פאַפּיערענעם ספּאַדיק אויפ'ן קאָפּ, אַ שפּאַן אַהער, אַ שפּאַן צוריק — און שיט מיט גראַמען, ווי פון אַ ראַזשעק (בסוד דאַרף מען אייך אויסזאָגען, אַז די אַלע גראַמען, וואָס איהר בעגעגענט אָט דאַ, געהערען טאַקי צו ממוכנ'ען, דאָס הייסט, נפתלי מיט די פיס האָט זיי אַליין אויסגעטראַכט פון זיין קאָפּ):

„איך, ממוכן, דער הויפּמייסטער,<br>
פונ'ם קלוגען קעניג אחשורוש<br>
דער שטאַלמייסטער,<br>
בין געשיקט צו ושתי'ן דער קעניגין,<br>
זי זאָל זיך פאַר די געסט טון טאַז פאַרנייגען<br>
אַ נאַקעטע, אַ באָרוויסע, ווי ביי'ם זיידען<br>
אדם הראשון אין גן־עדן.<br>
אריין, אריין, אריין,<br>
מלכה ושתי דו מיין!"

רייסט זיך אָפּ פון דער וואַנד די מלכה ושתי (בערעל פאַנ־פאַטש) און ענטפערט איהם אָפּ אויך מיט גראַמען, און אויך

נפתלי'ס ארבייט, אביסעל אונטער דער נאז און אביסעל מיט א קוויטש אויף א וויינענדיגען ניגון פון חתן־תורה:

„קומט אהער, אלע פרויען פון פרס ומדי
און אלע הארינטעס פון שושן,
ווען מיר זיך מיט אייך
א ביסעל דורכשמועסן.
הערט, ווי מיין געמאהל
וויעדערשפעניגט אין דער תורה,
געוג ער איז א טפש, איז ער נאך
א שכור הגדול הגבור והנורא..."

דעמאלט ווערד ממוכן אנגעצונדען, טהוט א שפאן מיט זיינע לאנגע פיס הין און צוריק און הויבט אן שיטען מיט גראמען, זיין אייגענע ארבייט:

„וואס זאגט איהר אויף דער הולטייקע? געפעלט אייך א שפראך?
וואס האב איך דא מיט איהר צו רעדען א סך?
איך זאל וויסען, אז דער קעניג וועט ניט זיין אין כעס,
נעם איך אראפ דעם קאפ אט דער מרשעת..."

הויבט אויף דער קעניג אחשורוש (משה פלעצעל) א לאנגען שטעקען, ארומגעוויקעלט מיט גאלדפאפיער:

„פון מיינטוועגען מעגט איהר אייך אלע קעפען, שטעכען אדער הענגען,
אבי מע זאל נאר אהער דאס ביסעל משקה ברענגען.
וואס האט איהר, מיניסטארען, אראפגעלאזט די נעזער,
אמעהר, גיסט בעסער אן תולע גלעזער,
וועלען מיר טרינקען וויין
וועלען מיר שכור זיין,
ביז'ן ווייסען טאג אריין!"

חאַפּט אונטער די גאַנצע קאָמפּאַניע:

„וועלן מיר טרינקען וויין,
וועלן מיר שכור זיין,
ביז'ן ווייסן טאָג אַריין!“

טרעט־אַרויס מרדכי (נחמיה דער שוסטער), איין אָפּגערייסענער, מיט אַ האָרב און מיט אַ באָרד פון פלאַכס, פערנוויגט זיך פאַר'ן קעניג און רעדט צו ממוכנ'ען און ווינקט עפּיס זעהר מאָדנע מיט די אויגען, מאַכט מיט די הענד און זינגט מיט אַ מיתה־משונה־ניגון:

„היות ווי זיין מאיעסטעט איז איין אַלמן געבליבען,
און מע האָט אין אַלע 127 מדינות צעשריבען,
מע זאָל איהם ברענגען מיידלעך פון דער גאַרער וועלט
פון שענעם יחוס און מיט געלט,
לכן האָב איך פאַר איהם אַ כלה —
אַזאַ יאָהר מעג שוין זיין אויף אונז אַלע:
אַ מויד, ווי אַ צימעס, גרין אַזוי ווי גראָז,
אַ ביסעל אַ ראַבעטיני מיט אַ לאַנגער נאָז,
איהר נאָמען איז אסתר,
קיין ברידער און קיין שוועסטער,
ניט קיין טאַטען, ניט קיין מאַמען,
ניט קיין פריינד און ניט קיין קרובים.
אַ יונג קינד פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג,
אַחוץ שבתים און יום־טובים...“

טהוט ממוכן ווייעדער אַ שפּאַן מיט די פיס הין און צוריק רעדט מיט פייער:

„אדרבה, לאָז זי קומען אהער,
און זיך טון טאַן פאַר'ן קעניג אַ קעהר,
און אויב זי וועט איהם געפעלען,
וועט ער איהר די קרוין אויפ'ן קאָפּ אַוועקשטעלען,
און דו, מאַנדרייט, פאַר דיין שדכנות,

וועסטו באַקומען אַ המן-טאַש מיט מאָהן שלח-מנות...
אַריין, אַריין, אַריין,
אסתּר מלכּה דו מיין!"...

און ערשט דאַ הויבט זיך אָן דער רעכטער קנאַק: נפתּלי'ס פיס זענען שטאַרקער פון אייזען, אַז זיי טראָגען איבער אַזאַ פּורים'דיג שטיקעל אַרבייט. דערפאַר אַבער לעקט ער אָפּ אַ פעטע ביינדעל, וואָרום ער איז דאָך, קאָן מען זאָגען, דער רעזשיסער פון דער טרופּע, דער בעל-הבית, דער מחבר און דער קאַסירער.

— ער שפּינט גאָלד, שטיקער גאָלד, אָט דער איד, אַז עס קומט פּורים!

אַזוי זאָגען אויף איהם די כּתרילעווקער אידען, וואָס זענען איהם פּשוט מקנא, ניט אַזוי אויף זיין טאַלאַנט, ווי אויף זיין פּרנסה.

ב.

דיגאָלדשפּינערין: ריוועלעדיזיסע.

כּתרילעווקע זאָל אַלע טאָג נוצען צוקערלעקאַך, פלאָדענס און פלעדלעך, אַזוי ווי מע נוצט דאָס דאָרטען פּורים צו שלח-מנות, וואָלט נפתּלי מיט די פיס פערשפּאָרען זיין אַ גאַנץ יאָהר אַ מעקלער און פּורים אַ קאָמעדיאַנט. זיין ווייב, ריוועלע די זיסע, וואָלט איהם אויפהאַלטען מיט זיין גאַנץ הויזגעזינד מיט כּבוד. וואָרום אויב נפתּלי איז בעריהמט מיט זיינע פיס, איז זיין ווייב ריוועלע נישט ווינציגער בעריהמט מיט איהרע הענד.

ריוועלע איז אויף דער פיגור אַ ווייבעלע אַ קליינינקשקע, אַ דאַרינקע, אַ טרוקענע, אַ פערזעהעניש, און אָקעגען איהר מאָן נפתּלי זעהט זי אויס, ווי אַ פערטעל עוף. אַ קוק טהון אויף איהר — ווער וועט זאָגען, אַז דאָס ווייבעלע פערזאָרגט אַ גאַנצע שטאָדט מיט צוקער-געבעקס, אַז עס קומט פּורים, ווען אידען שיקען איינער דעם אַנדערען שלח-מנות? מאָהלט אייך, ס'איז פאַרהאַן נאָך

ווייבער אין כתרילעווקע, וואָס פֿערנעמען זיך מיט דער זעלבער פּרנסה. ווער אבער פֿערמאָגט אַזעלכע גאָלדענע הענד, ווי ריוועלע די זיסע? איהרע טאָרטען מיט איהרע לעקאכער, איהרע שטרודלען און מלכות־ברויטלעך, איהרע מאָהנדלעך און אינגבערלעך, מיט איהרע געצוויקעלטע קישעלעך האָבען זיך קונה שם געווען אין דער גאַנצער וועלט און דערלאַנגט אַזש קיין יעהופּעץ, דורך אַ מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפען. ומעשה שהיה כך היה:

איינער אַ לין פֿון די כתרילעווקער לצים, וואָס זענען דאָרטען אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל שטערען אין הימעל, האָט זיך געוואָלט מאַכען אַ שפּאַס איבער דער שטאָדט כתרילעווקע און איבער די פּראָדוקטען, מיט־טיינס געזאָגט, וואָס די שטאָדט גיט־אַרויס. וואָס זשע טהוט אַזאַ לין? איז ער זיך מיישב איינמאָל אויף אַ טשיקאַוועס און שיקט אַוועק דורך דער פּאָסט שלח־מנות פֿון די אויבען־דערמאָנטע זאַכען, וואָה ריוועלע די זיסע גרייט אָן לכבוד פּורים, צו זיינעם אַ רייכען קרוב קיין יעהופּעץ. צום שלח־מנות האָט ער בייגעלעגט אַ בריעף, זעהר שען געשריבען, אין וועלכען ער בעט דעם רייכען קרוב, ער זאָל קיין פּאַראיבעל ניט האָבען פֿאַר׳ן „שיקעכטס, וואָס ער שיקט איהם“, וואָרום אין כתרילעווקע איז קיין „ע ר ג ע ר ע ש י ק ע כ ט ס ע ן“ נישט צו געפֿינען. ווי איבערראַשט אָבער, שטעלט אַייך פֿאָר, איז אָט דער לין, אַז ער בעקומט פֿון זיין רייכען קרוב אַ דאַנק־בריעף מיט אַ בקשה, ער זאָל תיכף ומיד צענויפֿקויפֿען פֿון די דאָזיגע זיסע זאַכען וויפֿיעל ס׳איז נאָר מעגליך און למען השם רעכט איינפּאַקען און אָפּשיקען דורך פּאָסט אויפֿ׳ן נגיד׳ס רעכענונג קיין יעהופּעץ (ווער ווייסט ניט, אַז נגידים בכלל, און יעהופּעצער בפרט, האַלטען פֿון דער אכילה און האָבען ליעב אַ זיסען ביסען?). פֿון דעמאָלט אָן ווערט פֿון יאָהר צו יאָהר אַרויסגעשיקט צום נגיד קיין יעהופּעץ אַ גאַנצער טראַנספּאָרט פֿון ריוועלע׳ס זיסע זאכען אויף פּורים. און אַזוי איז ריוועלע׳ס נאָמען געוואָרען מפורסם אַזש אין יעהופּעץ;

## ג.

## ש נ · ט־צ י י ט ·

ריוועלע זאָל אָבער דאַרפֿען אַרויסקוקען אויפ'ן יעהופּעצער נגיד אַליין, וואָלט זי בלוי בעשטאַנען. דער עיקר פּדיון איז ביי איהר אויפ'ן אָרט. די עטליכע טעג, וואָס פֿאַר פּורים זעלבסט. האָט ריוועלע די זיסע ממש קיין הענד נישט. בערעכענט אייך: אַליין באַקען, אַליין פֿערקויפֿען, אַליין פֿערפּאַקען און אַליין רעכענען זיך מיט אַלע בעלי־בית'טעם — צו די חשבונות אַליין דאַרף מען האָבען אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער!

אָט האָט איהר אייך אַ מוסטער, ווי אַזוי ריוועלע רעכענט זיך מיט אַ נגיד'ס אַ ווייב, וואָס טראָגט פֿערעלעך אין דער וואָכען און הייסט שרה־פֿערעל:

— פֿון אייך קומט, שרה־פֿערעל, אַזוי גרויס, ווי פֿאַר אַ האַלב טוץ לעקאַכלעך מיט ראָזינקעס עובר לסוחר צו זעכס גראָשען, זעכס מאָל זעכס — וויפֿיעל איז זעכס מאָל זעכס? דאַכט זיך, דריי־און־דרייסיג? און פֿיער קומיש־ברויטלעך האָט איהר גענומען צו אַכט גראָשען, עס קאָסט מיך אַליין צו זיעבען, איך זאָל אַזוי זיין געזונט, פֿיער מאָל אַכט איז אַכט־און־פֿערציג; היינט צוויי פֿלעדלעך גרויסע אָהן פֿאַרפֿעלעך און דריי פֿלעדלעך קליינע מיט פֿאַרפֿעלעך, וועל איך אייך רעכענען פֿאַר די פֿלעדלעך אַרום און אַרום פֿינף שטיק צו פֿיער־און־צוואַנציג גראָשען, עס קאָסט מיך טייערער, לאָמיר ביידע אַזוי זיין געזונט! פֿינף מאָל פֿיער־און־צוואַנציג וויפֿיעל איז? ס'זאָל זיין זעכס מאָל, וואָלט דאָך געווען אַ קערבעל מיט זעכס גראָשען, און אַז פֿינף מאָל, איז, אַפּנים, אַזוי גרויס, ווי אַ קערבעל אָהן זעכס גראָשען. וויפֿיעל־זשע האָבען מיר אינאיינעם, הייסט עס: דריי־און־דרייסיג און אַכט־און־פֿערציג איז צוויי־און־אַכציג, און אַ קערבעל, איז אַנדערהאַלבען קערבלעך מיט צוויי־און־צוואַנציג, געהט אַראָפּ זעכס גראָשען, איז וויפֿיעל בלייבט פֿון אַנדערהאַלבען קערבלעך מיט צוויי־און־זעכציג

קאָפּיקעס, אַז מע נעמט אָראָפּ זעכס גראָשען? ניט קיין רובעל מיט נייעַנציג?

— אַ גוט יום־טוב! וואָסערע צוויי־און־זעכציג? וואו האָבען זיך גענומען צו אייך צוויי־און־זעכציג?

אַזוי צעשרייט זיך שׂרה־פּערעל, און ביידע ווייבער נעמען זיך צום חשבון ווידער אַ מאָל פוּנ׳ם אָנהויב.

— זאָלט איהר מיר געזונט זיין, שׂרה־פּערעלע, דער חשבון איז דאָך, ווי אויפ׳ן טעלער; אַ האַלב טוץ לעקאַכלעך מיט ראָזינקעס עובר לסחר צו זעכס גראָשען אַ שטיקעל, איז זעכס מאָל זעכס — וויפיעל איז זעכס מאָל זעכס? ניט קיין צוויי־און־פערציג?...

— מזל־טוב! סי׳ וואַכסט ביי אייך! פריהער איז ביי אייך אויסגעקומען דריי־און־דרייסיג, איצט איז שוין געוואָרען צוויי־און־פערציג! קיין עין־הרע ניט!

עס העלפט נישט. וויבאַלד עס קומט צו געלד, אַזוי מוז מען אָנקומען צו אונז, מאַנסבילען. און ריוועלע רופט אָפּ נפתלי׳ן פון די אַקטיאָרען, און נפתלי האָט פיינט, אַז מע רייסט איהם אָפּ פון דער אַרבייט, איז ער איין כעס סכנות.

— איין אַקציע מיט די ווייבער! קיין צוויי מיט צוויי קאָנען זיי אייך ניט צענויפרעכענען. נו? אַרוים מיט׳ן חשבון, נאָר גיך און געשווינד, דער טאָג שטעהט נישט!

אַזוי זאָגט נפתלי מיט גרימצאָרן, און מע רעכענט איהם אויס דאָס גאַנצע צעטעל, ביידע ווייבער אין איין אָטעם. נפתלי האָרכט מיט צוגעמאַכטע אויגען, רעכענט אויף די פינגער און ווערד גיך פערפּלאָנטעט און פערטומעלט און גאָר מעהר אין כעס, און ער פאַלט אָן אויפ׳ן ווייב:

— איך האָב דיר געזאָגט טויזענד מאָל, אַז וויבאַלד דו האָסט אַזאַ קעצענעם מח און קאָנסט נישט צענויפרעכענען קיין צוויי מיט צוויי, היינט וועלכע גוטע יאָהר טרייבט דיך, זאָלסט פאַרקויפען דיין סחורה הורמ! לאַחרים פאַרקויפט מען, איינציגווייז!

למשל: וואָס האָט איהר גענומען? אַ לעקאַכעל? גיט אהער זעכס גראָשען! נאָך אַ לעקאַכעל? נאָך זעכס גראָשען! אַ פלעדעל? לעגט־אַנידער פיער־און־צוואַנציג גראָשען! נאָך אַ פלעדעל? נאָך פיער־און־צוואַנציג גראָשען!

שרה־פּערעל דער נגידית שטעהט אפילו ניט אָן די מעשה, מע זאָל זיך מיט איהר רעכענען אַט אַזוי אַ, ווי מיט אַ קבצנ'טע, נאָר זי האָט קיין אַנדער ברירה נישט. וואו וועט זי נעמען אַזאַ צוקער־געבעקס אויף שלח־מנות, אַז ניט ביי ריוועלען? קומט פורים, איז ריוועלע די מיוחסת. איטליכער האָט זיך זיין צייט, און אַז מע דאַרף דעם גנב, נעמט מען איהם פון דער תליה... ניט אומזיסט איז איהר די גאַנצע שטאָדט מקנא:

— גאָלדענע הענד... שיט־אָן גאָלד... ביידע שיטען זיי אָן זעק מיט גאָלד, אַז עס קומט פורים!...

ד.

דער יונגער גאָלדשפּינער: נח שניצלער.

ווען מען גאָט גיט אַ זיסע שטימע צום זינגען, ווען מען הענד צום שפּיעלען, ווען מען פיס צום טאַנצען; — נח'ן, נפתלי'ס עלטערען זוהן, האָט די נאַטור געבענשט מיט אַ טאַלאַנט צום שניצען.

נאָך אַז נח איז געווען אַ קינד, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעקיילטער, אַ צעביילטער פונ'ם פאָטער'ס קלעפּ און פון דער מוטער'ס שטשיפּאַלקעס: „אַ יונגעלע זאָל דיר האָבען אַ טבע טאָג ווי נאַכט אַרומגעהן און שניידען און בראָקען און שניצלען און שניצלען און שניצלען!“...

בכדי אַרויסצושלאָגען פונ'ם קינד דאָס משוגעת פון „שניצלען“, האָט מען איהם אָפּגעגעבען אין חדר אַריין און אָנגעזאָגט דעם רבין הונדערט מאָל, ער זאָל איהם איבערברעכען די הענד, טאָמער וועט מען איהם זעהן האַלטען אַ מעסערעל! זאָל ער בעסער זעהן וואָס מעהר לערנען! דעם רבינ'ס לערנען האָט אָבער נישט גע־

האָלפּען גאַרנישט: נח איז אַרויס פון חדר מיט זעהר ווינציג
תורה. דערפאַר האָט ער אָבער אַרויסגעוויזען זעלטענע בריה'שאַפט
צום שניצען. און געשניצט האָט ער אַלסדינג, וואָס סע איז איהם
געקומען פאַר די אויגען. עס האָבען זיך געפונען מבינים אין
כתרילעווקע, וואָס האָבען געזאָגט, אַז ביי דעם בחור'על איז די
הענד זיצט אַ רוח, ניט אַנדערש; ווען ער זאָל זיין אין אַ
גרויסער שטאָדט, וואָלט פון איהם אַרויס... זיי ווייסען אַליין
נישט, וואָס פון איהם וואָלט אַרויס. דערוויל מעגען איהם אָפּ-
דאַרען די הענטלעך, וואָרום ער האָט צעשניצט אַלע בענק מיט
אַלע שטענדערס, וואָס אין בית־המדרש, אויסגעשניצט אויף זיי
מענשעלעך מיט פויגעלעך מיט, להבדיל, חזירים... פאַר די חזירים
האָט נח בעקומען אַ רעכטע פאַרציע פון טאַטען, פון דער מאַמען,
פונ'ם רב און פונ'ם שמש און פונ'ם בעדער — ווער עס האָט גע-
האַט גאָט אין האַרצען, דער האָט איהם אַריינגעלעגט, וויפיעל
ס'איז אין איהם אַריין:

— אַ יונגאַטש קאָן! אין אַ מקום־קדוש חזירים!...

דאָס האָט אָבער ניט אָנגעלערענט אונזער „שניצלער“. דער
פונק, וואָס האָט געטליהעט ביי איהם אינוועניג בירושה פונ'ם
גרויסען בצלאל, וואָס אין חומש, האָט איהם נישט געלאָזט צו־רוה,
ביז זיין טאַלאַנט האָט זיך אַרויסגעוויזען מיט זיין גאַנצער קראַפט
דורך אַ צופאַל, ווי אַלע גרויסע ענטדעקונגען אין דער וועלט קו-
מען אומגעריכט, דורך אַ זייטיגער סבה.

דאָס איז געווען עטליכע טעג פאַר פורים, האָט מען איהם
געקויפט אַ מתנה, אַ הילצערנעם גראַגער מיט אַ המן־קלאַפּער, אויף
שלאָגען המנ'ען אין בית־המדרש צו דער מגילה. נח האָט דעם
גראַגער מיט'ן המן־קלאַפּער בעטראַכט פון אַלע זייטען, שטילער-
הייד צענומען אויף שטיקלעך און צענויפגעשטעלט צוריק — און
דאָ איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַז ווען ער זאָל נאָר האָ-
בען מיט וואָס, וואָלט ער געמאַכט אַ גראַגער מיט אַ המן־קלאַפּער,
וואָס וואָלטען פערשטעקען אין גאַרטעל אַלע גראַגערס מיט

אלע המן־קלאפערס פון דער גאנצער וועלט. נח'ן האט געפעהלט דערצו נאר צוויי זאכען: מאטעריאל און אינ־סטרומענטען, דאס הייסט, האלץ און א מעסערעל. וואס טהוט מען? מילא, מיט האלץ איז קיין דאגה נישט: האלץ קאן מען אוועקלקח'ענען ביי דער מאמען פון אונטער'ן אויווען. וואו נעמט מען אבער א אינסטרומענט? א מעסערעל וואו קריגט מען? און נח איז געפאלען אויף א המצאה (א ליכטי־גער קאפ!): ער האט גענומען דעם גראגער מיט'ן המן־קלאפער און איז ארוים מיט זיי אויפ'ן מארק פערקויפען, און פאר'ן געלד וועט ער קויפען א מעסערעל. האט זיך אבער געטראפען איין אומגליק (מיט אלע ערפינדער טרעפען זיך אומגליקען!): דער ערשטער קונה, וואס נח האט זיך צו איהם געווענדעט, ער זאל ביי איהם קויפען א מציאה, האט איהם אנגענומען ביי דער האנד און צוגעפיהרט גלייך צום פאטער:

— וואס איז די מעשה, רב נפתלי, אייער קליינער האנדעלט שוין מיט גראגערס?

דאס פערשטעהט א מינדסט קינד, אז קודם כל האט דער ערפינדער בעקומען זיין פארציע פעטש, וואס איהם קומט, און ערשט נאכדעם, אז נפתלי האט זיך גענומען צום זוהן אויספארשען, אויף וואס דארף ער אזוי נויטיג געלד. און אז נח האט איהם דורך טרערען זיך מודה געווען, דערצעהלט דעם אמת'ען אמת, וואס איהם געוועטשט, האט איהם דערמאנ'ט דער פאטער ערשט מקיים פסק געווען, איהם אנגערופען מיט'ן נאמען „בהמה בצורת פערד" און האט איהם געקויפט א מעסערעל און האט איהם אליין אויסגעקליבען האלץ, און נח האט זיך אוועקגעזעצט ארבייטען אויף אלע כלים, עס האט געברענט ביי איהם אונטער די הענד. אזוי אז אין איין טאג זענען בעשאפען געווארען עטליכע גראגערס מיט המן־קלאפערס, נאר אזעלכע, וואס די שטאדט איז געגאנגען קוקען אויף חדושים, און אלע האבען אפגעגעבען נפתלי'ן מזל־טוב:

— איהר האָט שוין, רב נפתלי, מיט אייער זוהן גאָר נישט וואָס צו זאָרגען. ער איז שוין אַ פאַרזאָרגטער...

פון דעמאָלט אָן ווייסט שוין די גאַנצע שטאָדט פון איין עק ביז'ן אַנדערען, אַז אַ גראַגער אין גלייכען געלד, אדער אַ המן־קלאַפּער, אָדער א קאַלאַקאָטקע אויף פּורים — דאָס קריגט מען ביי נפתלי'ס זוהן, נח שניצלער. און וויפיעל נח זאָל ניט אָנגרייטען זיין סחורה, ווערד זי אויסגעפּערקויפט עד לפּק. אַלע יאָהר, אַז דער פּורים געהט אַוועק, קאָנט איהר הערען פון נח'ן די אייגענע ווערטער:

— היינטיגס יאָהר איז געווען אַ יאָהר פון גראַגערס.

נישט אומזיסט איז די שטאָדט מקנא נפתלי'ן אויף זיינע קינדער:

— אַ הצלחה פון גאָלדשפּינערס! — זאָגט כתרילעווקע מיט אַ זיפץ. — נישט גענוג, ער פאַרדיענט פון איין זייט און זי פון דער אַנדערער זייט, שיטען אָן גאָלד, אַז ס'ע קומט פּורים, דאַרפען זיי נאָך האָבען אַזעלכע גאָלדענע קינדער!..

ה.

## די קליינע גאָלדשפּינערלעך.

אויב איהר ווילט זעהען אַ שענס און ס'זאָל אַייך ניט קאָסטען טייער, טאָ פאָהרט זיך דורך, זייט מוחל, אויף פּורים קיין כתרילעווקע, שטעלט זיך אָפּ אויף וואָס פאַר איין אַכסניה איהר ווילט און קוקט דורכ'ן פענסטער אין דרויסען אַרויס, וועט איהר עפּיס זעהען. פון גאַנץ פריה אָן טיאָפּקען איבער דער בלאָטע לויפען, ווי די פער'סמ'טע מייז, פון איין שטוב אין דער אַנדערער, יונגלעך מיט מיידלעך, אונטערגעבונדען מיט פּעטשיילעס. צום מיינסטען באָרוויסע, האָטש ס'איז נאָך קאַלט אין דרויסען און ס'ע וועהט אַ שנייעלע. אין די הענד האַלטען זיי אָדער גרויסע בעקענס, אָדער טעלער און טעלערלעך, אָדער שאָלען און שעלעכלעך, איבערגעדעקט מיט ווייסע טיכטוכלעך. דאָס טראָגען אידישע קינדער

שלח־מנות, וואָס די כתרילעווקער ווייבער שיקען איינע דער אַנדערער, בייטען זיך מיט די פּורים'דיגע גוטע זאַכען, וואָס ריוועלע די זיסע האָט אָנגעגרייט.

— איטע־לאה האָט מיר געשיקט צוויי פלעדלעך מיט אַ מלכות־ברויטעל, מיט אַ צוקערלעקאַכעל און מיט צוויי מאַנדעל־בייגעלעך — ייִיל איך איהר אָפּ צוריק איין פלעדעל מיט צוויי מלכות־ברויטלעך, מיט צוויי צוקערלעקאַכלעך און מיט איין מאַנדעל־בייגעלע. און יענטע־מירעל האָט מיר געשיקט אַ קישעלע מיט צוויי קומיש־ברויטלעך, מיט צוויי שטרודלען און מיט אַ מאָהינדעל — שיק איך איהר אָפּ צוריק צוויי קישעלעך מיט איין קומיש־ברויטעל, מיט איין שטרודעל און מיט צוויי מאָהינדלעך.

אַזוי קאָמבינירען די כתרילעווקער דאַמעם די שלח־מנות'ען קונציג און מיט אַ רעכענונג, ס'זאָל אויסקומען אי פיין, אי ניט־פערשעמט, אי איינס אויף איינס. און מחמת די שטאָדט לעבט צווישען זיך פריינדליך, איז דאָ זעהר אַ סך ערטער אויף צו שיקען די שלח־מנות'ען. דורך אייגענע דיענסטען אָדער קינדער איז אונמעגליך דאָס אויספיהרען. מע מוז אָנקומען צו פרעמדע. דערמאָלט ווערד אַ יקרות אויף אָרעמע יונגלעך און מיידלעך, וואָס האָבען פיס און ווילען פערדיענען אויף פסח.

גליקליך זענען יענע פאָטער־און־מוטער, וואָס פערמאָגען וואָס מעהר יונגלעך און וואָס מעהר מיידלעך. אין כתרילעווקע זענען פאַרהאַן אַ סך אַזעלכע גליקליכע; נאָר גליקליכער פון אַלע זענען די גאָלדשפינערס, ווייל אַזוי פיעל מיידלעך און אַזוי פיעל יונגלעך, ווי ביי נפתלי'ן, איז זעלטען צו געפינען אפילו אין כתרילעווקע. וויפיעל נפשות — קאָן איך אייך אַקוראַט ניט זאָגען; פרעמדע קינדער טאָר מען ניט צעהלען, לאָזען זיי וואַכסען געזונדערהייד, וועמען מאַכען זיי קאַלי? ווינטער ליגען זיי אונטער'ן אויווען נאַקעט, איינס אויף דאָס אַנדערע, אַזוי ווי די ווערים, און זומער־לעבען וואַלגערען זיי זיך אין דרויסען אויפ'ן מיסט, שפּיעלען אין „באַבקעלעך“, אָדער אין „קאַמער־קאַמער־הויז“, אָדער אין „וויפיעל

מייל איז צו אייך צעהלט אייך", אָדער מע „לאָזט אַ רעגען", דאָס הייסט, מע הויבט אויף אַזאַ שטויב, אַז עס ווערד פינסטער אין גאַס, מע קאָן דערשטיקט ווערען! דעמאָלט פליהען פּעטיש מיט קולאַקעס, מיט בעבענצים, מיט קללות, וואָס געפינען זיך ניט אין דער תוכחה:

— אַ, געהן זאָלט איהר אַויף קוליס! שמעהן זאָלט איהר פּראַווצעם! זיצען אין געהאַקטע וואונדען! ליגען אין ווערים!...

דערפאַר אָבער, אַז עס קומט פּורים, פיהלט חברה קליינוואַרג, אַז זיי האָבען אויך עפּיס אַ ווערטה, און אַ גרויסען ווערטה. מע צערייסט זיי דעמאָלט אויף שטיקלעך. אַ כתריל׳עווקער מאַדאַם, אַז זי בעשטעלט בעצייטענס ביי ריוועלען שלח־מנות, בעשטעלט זי שוין מיט אַ קינד, אַ יונגעל אָדער אַ מיידעל, אויף צו טראַגען דעם שלח־מנות. און ריוועלעס קינדער, די יונגלעך מיט די מיידלעך, צעלאָזען זיך איבער אַלע גאַסען פון דער שטאָדט, מיט איבערגעדעקטע בעקענס, שאַלען און שעלעכלעך; די בעקלעך ביי זיי פלאַמען, די שטערנס שוויצען און די אויגען ברענען. זיי בעגעגענען זיך אָפטמאָל איינס מיט׳ן אַנדערען אין דער בלאָטע, נאָר זיי האָבען קיין צייט נישט אָפּשטעלען זיך אפילו אויף אַ מינוט, אַ קוק טהון איינס דאָס אַנדערע אין שלח־מנות אַריין. נאָר לויפענדיג פאַרביי, וואַרפט מען זיך דורך מיט האַלבע ווערטער, וואָס אַ זייטיגער מענש וועט זיי ־אפשר נישט אינגאַנצען פערשטעהן:

— פעטעלעלע! וואוהין?

— צו לאה׳ צי די גראָבע. און דו, קרומע פיסעל?

— צו אַלטעריכע מיט די לאָקשען... עפּיס געמאַכט?

— נאָך אַ מין! און דו?

— איך האָב שוין אַ קערבעל מיט צוויי פערציגער מיט אַ גילדען מיט צוועלף גראָשען. און דו וויפיעל?

— קיין צייט געהאַט איבערצוצעהלען. נאָר כ׳האָב מורא, אַז מעהר ווי די...

— וויש אָפּ די נאָז!

— ברעך דעם קאָפּ!

און מע צעגעהט זיך, דער אהעי, דער אהין.

די כתרילעווקער בעלי-בתים זיצען שוין לאַנג ביי דער פּורים-דיגער סעודה, זינגען „שושנת יעקב“, קלויבען פֿערגעניגען פֿון נפתּלי מיט די פּיס און פֿון זיינע פּורים-שפּיעלער, און נפתּלי'ס קינדער לויפען נאָך אַלץ ארום פֿון שטוב צו שטוב מיט די שלח-מנות'ען און נעמען צענויף ביי דער שטאָדט די גראָשענס. און די שטאָדט טרייבט מיט זיי קאַטאָוועס:

— יונגעלע, קום נאָר אהער. וועמענס ביזט דו? ניט נפתּלי'ס?

— נפתּלי'ס.

— האָסט חאָטש אָנגעשלאָגען היינטיגען טאָג א הונדערטער, צי עפּיס ווינציגער?

— חי-חי.

— זאָג, שעם זיך ניִשט.

— חי-חי.

— אָט אזוי, ווי איהר קוקט דאָס אָן מיט'ן געלעכטערעל „חי-חי“, וועט דאָס ברענגען אהיים א פֿולע קעשענע מיט גאָלד!... א שטוב פֿון גאָלדשפּינערס!

ו.

## די גאָלדשפּינערס ביי דער סעודה.

כתרילעווקע איז שוין לאַנג אויפגעשטאַנען פֿון דער פּורים-דיגער סעודה. א סך טראַכטען מכח לעגען זיך שלאָפֿען, און [illegible] [illegible] שלאָפֿען שוין און חראָפּען גאַנץ געשמאַק נאָכ'ן ביסעל משקה, [illegible] מע האָט גענומען צוליעב דער שמחה, וואָס מע האָט געפּטר'ט א שונא — המן'ען — נאָר איין משפּחה האָט זיך ערשט אַוועק-[illegible] צום [illegible] [illegible] די סעודה, אויפגעשניטען דעם גרויס-

סען געפלאָכטענעם קוילעטש און זיך גענומען צו דער אַרבייט לעבעדיג, פריילין.

דאָס זענען — די גאָלדשפינערס.

אַלע זענען זיי אויסגעהונגערט, מיער, פיהלען נישט די פיס אונטער זיך, און אַלע האָבען צו דערצעהלען פונ׳ם טאָג מעשיות, גאַנצע פעק מיט מעשיות! נפתלי — פון זיינע פורים־שפּיעלער, ווי גוט זיי האָבען היינט געשפּיעלט, אויסגעצייכענט גוט! נאָר איין ושתי האָט אַביסעל אונטערגעהונקען אויף דער עברי.

— ס׳זאָל אויף איהם קומען אַ חלירע ביז חול־המועד פּסח! וויפיעל מע לערענט איהם, אָט דעם ושתי׳ן, ער זאָל זאָגען: „וויע־דערשפּעניגט אין דער תורה״ — קומט ביי איהם אויס אויף זיין פאָנפע: „פינף הונדערט אין דער גזירה״. וואָסער גזירה, אַ רוח אין דיין שוויעגער׳ס טאַטען אַריין? נאָר געה רעד מיט אַ פאָנפעוואַטע נאָני!

דאָס דערצעהלט נפתלי. און ריוועלע האָט צו דערצעהלען נאָך שענערע זאַכען, פון איהרע קונה׳טעס. וואָס דינגען זיך ביז׳ן ביין. איינע אַ דאַמע האָט זיך מיישב געווען און האָט גאָר גע־וואָלט אַוועק׳גנב׳ענען אַ פלעדעל.

— מאָהל דיר, נישט ביי מיר גנב׳עט מען. „וויפיעל פלעד־לעך, זאָג איך, מאַדאַם, האָט איהר אָפּגעלעגט?״ זאָגט זי: „פיער״. זאָג איך: „נו, און דאָס פינפטע וואָס איז?״ ווערד זי רויט און מאַכט צו מיר: „ס׳איז דען אויך אַ פלעדעל?״ זאָג איך: „וואָס דען איז דאָס, אַ וואַנטזייגער?״ זאָגט זי: „איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז אַ האָניגטייגעל״. זאָג איך: „נו, און אַ האָניגטייגעל איז אַ הונט?״...

אַזוי דערצעהלט ריוועלע. און די מעשיות, וואָס נה האָט צו דערצעהלען, דרעהען זיך, געוועהנליך, אַרום אַ גראַגער.

— היינטיגס יאָהר איז געווען אַ יאָהר פון גראַגערס. אַלע האָבען זיך געחאַפּט צו גראַגערס. נאָר גראַגערס, גראַגערס און גראַגערס. איך בין נאָך נעכטען בייטאָג געבליבען אָהן איין גראַ־

גער. קומט־צו אַלע מאָל צו מיר איין אַנדער איד, איך זאָל איהם גע־בען אַ גראַגער. זאָג איך: „איך האָב נישט קיין גראַגערס“. זאָגט ער: „ס'איז נישט קיין תירוץ, דו מוזט מיר געבען צוויי גראַגערס!“ זאָג איך: „וואו זאָל איך אייך נעמען גראַגערס?“ זאָגט ער: „וואו זענען דיינע גראַגערס?“

— ווערסט אַמאָל אויפהערען צו גראַגערען, צי ניין?

אַזוי זאָגט צו איהם דער פאָטער, און נח לאָזט אַראָפּ די אויגען, בויגט זיך אָן און שנייצט אויס די נאָז אונטער'ן טיש. דאָס געפעלט דוקא דער חברה קליינוואַרג. איצט איז געקומען אויך זייער צייט צו דערצעהלען גליקען פון זייער שלח־מנות טראָגען; פאַרהאַן אַזוי פיעל צו דערצעהלען און צו דערצעהלען, אַז ס'וועט האַפען ביז פסח. דערווייל איז ערשט פורים, און מען איז אויס־געמיעדט פונ'ם טאָג, און מע דאַרף געהן שלאָפען.

און יונגוואַרג צעגעהען זיך אויף זייערע ערטער הינטער'ן אויוועז, פאַלען, ווי די סנאָפּעס, און ווערען אַנשלאָפען מיט'ן זיסען שלאָף פון גליקליכע מענשען, וואָס האָבען געהאַט אַ גוטען, אַ געראָטענעם יריד...

## די גאָלדשפּינערס צעהלען דאָס גאָלד.

עס איז שוין העט־ווייט אין דער נאַכט. כתרילעווקע האַלט שוין לאַנג אין רעכטען שלאָף נאָך דער גרויסער פורים'דיגער סעודה מיט די שלח־מנות'ען. נאָר צוויי פאַרשוינען אין דער גאַנצער שטאָדט זענען נאָך וואַכעדיג און טראַכטען אפילו נישט וועגען געהן שלאָפען. דאָס זענען די גאָלדשפּינערס, נפתלי מיט די פיס און זיין ווייב ריוועלע די זיסע. שטיל האָבען זיי צוגעשלאָסען די טיר, פערהאַנגען די פענסטער און האָבען זיך גענומען צו דער קאַסע. זיי ווילען צענויפרעכענען דאָס ביסעל מזומנ'ס, וואָס די גרויסע גאָלדשפּינערס מיט די קליינע גאָלדשפּינערלעך האָבען

אַריינגעבראַכט אין דעם דאָזיגען גליקליכען טאָג, און קאָנען נישט. זיי צעהלען און צעהלען און קאָנען נישט איבערצעהלען; אָדער ער האָט אַ טעות אין חשבון, אָדער זי האָט אַ טעות. זיי ברענגען אײנס אויף דאָס אַנדערע.

— קיין צוויי מיט צוויי זאָל אַ אידינע נישט קאָנען איבער־צעהלען!

אַזוי זאָגט דער מאַן, און דאָס ווייב ענטפערט איהם:

— נו, פאַר וואָס זשע צעהלסט דו נישט, אַז דו קאָנסט, בעל־חשבון מיינער?

— צעהל דו, דו קאָנסט בעסער!

— ניין, צעהל דו, דו קאָנסט בעסער!

איהר זאָלט גאָר קיין מורא נישט האָבען, טאָמער חלילה צע־קריעגען זיך מאַן און ווייב. איצט איז נישט קיין צייט פון קריעגען זיך. איצט דאַרף מען מאַכען אַ רעכענונג, וואָס מע קאָן און וואָס מע דאַרף און וואָס מע מוז קויפען: שוכוואַרג פאַר זיך און קאַ־פּאָטקעלעך מיט קליידלעך פאַר די קינדער — דאָס איז נומער איינס. היינט מצה אויף פּסח? היינט שמאַלץ? אַ דייזשקעלע באָרשט? אַ זעקעל קאַרטאָפּלים?... און מערקווירדיג! וויפיעל זיי זאָלען נישט רעכענען, וויפיעל זיי זאָלען וועלען זיין אויסברענגערס, פּרע־מערס, געלד־ברענערס, שאַרלאַטאַנעס פון דער וועלט, קומט אויס, אַז ס'וועט נאָך אַלץ זיין גענוג, סיי אויף שוכוואַרג פאַר זיי, סיי אויף קאַפּאָטקעלעך מיט קליידלעך פאַר די קינדער, סיי אויף מצות מיט שמאַלץ, מיט אַ דייזשקעלע באָרשט, מיט אַ זעקעל קאַר־טאָפּלים אויף פּסח...

און ביי זיי ביידען צעפלאַקערען זיך די פּנים'ער און צע־פּרענען זיך די אויגען, די בעקלעך ווערען רויט און די הערצער וואַכסען, און ביידע פיהלען זיי, אַז די וועלט, וואָס גאָט האָט בעשאַפען, איז, גלעבען, גאָר נישט אזא שלעכטע וועלט, און די מענשען זענען, גלעבען, גאָר נישט אזעלכע שלעכטע מענשען.

נישט מעהר, וואָס אידען זענען מקנא אויף פּרנסה, פערגינען נישט. טאָמער האָט איינער אַ גוט׳ן טאָג, איז טאָג אַ גוטען!

— פאַרברענט זאָל ווערען אָט דאָס כתריל׳עווקע! אַ שטאָדט פון נישט־פאַרגינערס!

אזוי זאָגט נפתלי, און ריוועלע נעמט זיך אָן דער שטאָדט׳ס קריוודע:

— אָרעמע־לייט, מישטיינס געזאָגט...

— אָרעמע־לייט, זאָגט זי? אַלץ הייסט ביי איהר אָרעמע־לייט, חע־חע! כתריליקעס! דלותים! שלעפּערס! בעטלערס! קבצנים! דלפנים! עניים ואביונים!!

— ניט דאָ געדאַכט! — זאָגט ריוועלע מיט שרעק. זי האָט פּשוט מורא פאַר אַ גוט אויג.

און פון דרויסען לאָזט זיך הערען, מע ווייסט נישט פון וואַנען, אַ ווייט קרעהען פון אַ בעקאַנטען האָהן, איין אַלטער חזן מיט איין אויסגעזונגענער כלי. אַנהויבען הויבט ער אָן דוקא נישקשה׳דיג. מיט׳ן ברען און מיט׳ן קוויטש, און אויסלאָזען לאָזט ער אוים מחילה שוואַכליך, אויף דער נידעריגסטער אָקטאַווע, און עפּיס ווי מיט אַ וויעדערקלאַנג:

— קו! — קאַ! — רי! — קאַו! — או?

עס קומט אוים גלייך, ווי ער וואָלט זיך אַליין פרעגען אַ קשיא:

— אַלטער נאַר! וואָס שרייסט דו?

אין דרויסען איז בלויליך. עס שאַריעט אויף טאָג.

# בערעל-אַייזיק

„אַמעריקאַ איז אַ לאַנד פֿון בלאָף"... „אַמעריקאַנער בלאָ־פֿערס"...

אַזוי זאָגען די פֿרעמדע. גריגע היות — זיי הויבען גיט אַן צו וויסען וואָס זיי זאָגען. אַמעריקאַ מעג הייצען די פּעטשערעס אין כתרילעווקע, און אונזער בערעל־אייזיק וועט פֿערשמעקען אין גאַרטעל אַלע אַמעריקאַנער בלאָפֿערס!

איהר קאָנט פֿערשטעהן ווער בערעל־אייזיק איז, אַז טאָמער מאַכט זיך ביי אונז אין כתרילעווקע, איינער האָט זיך אַביסעל פֿערדערהן, אויף אייער אַמעריקאַנער לשון וועט דאָס הייסען: ער האָקט אַ טשייניק, שטעלט מען איהם אָפּ מיט די ווערטער: „בערעל־אייזיק האָט דיר געלאָזט גריסען" — שטויסט ער זיך שוין אָן וואָס מע מיינט און ער ווערד אַנשוויגען.

איין אַנעקדאָט דערצעהלט מען ביי אונז אין כתרילעווקע פֿון איינעם אַ אינען אַ חצוף, וואָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר בערעל־אייזיק'ען. פּסח איז דער מנהג ביי די גויים, אַז זיי בעגעגענען זיך, זאָגען זיי זיך אָן איינס דאָס אַנדערע אַ גוטע בשורה, אַז כריסטוס איז לעבעדיג געוואָרען — „כריסטאָס וואָ־סקרעס". דערויף ענטפֿערט איהם דער צווייטער: „וואָאיסטינו וואָסקרעס" — ס'איז אמת, הייסט דאָס, ער איז לעבעדיג גע־וואָרען... טרעפֿט זיך אַ מעשה, בעדאַרף אַ כריסט זיך בעגעגע־נען מיט יענעם אידען דעם חצוף און מכבד זיין איהם מיט'ן פּסוק

„כריסטאָס וואָסקרעס“... ווערד איהם שלעכט, דעם אידען: וואָס זאָל ער טהון? ענטפערען דעם גוי „וואָאיסטינו וואָסקרעס“ — ווייסט ער, אַז ס'אַליגען און ס'איז קעגען אונזער גלויבען... זאָגען איהם: ניין, ער איז ניט לעבעדיג געוואָרען — קאָן מען דאָך חאַפּען פאַר אַזעלכע ווערטער אַ מיאוס'ען פּסק... איז ער זיך מיישב און רופט זיך אָן צום כריסט: „יאָ, איך האָב עס שוין געהערט היינט פון אונזער בערעל־אייזיק'ען“...

היינט שטעלט אייך פאָר, אַז אָט דער בערעל־אייזיק איז אַוועק קיין אַמעריקאַ, אָפּגעוועזען דאָרט היבשע עטליכע יאָהר און איז געקומען צוריק — וואָס פאַר וואונדירים דער איד האָט זיך אָנגעדערצעהלט פון דעם אַמעריקאַ!

„ערשטענס — דאָס לאַנד. ארץ זבת חלב ודבש. מענטשען מאַכען געלט, מע זשעברעוועט מיטביידע הענט, מע שאַרט גאָלד! און געשעפטען, „ביזנעס“ הייסט דאָס דאָרטען, איז פאַרהאַן אַזוי פיעל, אַזש דער קאָפּ דרעהט זיך! וואָס איהר ווילט — דאָס טהוט איהר. ווילט איהר אַ פאַבריקע — איז אַ פאַבריקע, עפענט אַ סטאָרקע — איז אַ סטאָרקע. שטופּען אַ פּושקאַר — איז אַ פּושקאַר. אַניט — נעמט איהר זיך צו פּעדלעריי, אָדער איהר געהט אַרבייטען אין אַ שאָפּ — אַ פרייע מדינה! איהר קאָנט אייך געשוואָלען ווערען פון הונגער, אויסציהען זיך אין גאַס, וועט אייך קיינער ניט שטעהרען, קיין וואָרט ניט זאָגען...

„היינט די גרויס פון די שטעדט! די ברייט פון די גאַסען! די הויך פון די הייזער! פאַרהאַן דאָרט אַ „הייזקע“, רופט מען זי די „וואָלוואָרט“, שפּאַרט אָן דער שפּיץ קוימען גלייך אין דער חמאַרע אַריין און נאָך העכער; אַ סברה, אַז די הייזקע פאַרמאָגט עטליכע הונדערט עטאַזשען. ווי אַזוי קריכט מען אַרויף אויפ'ן בוידעם? דורך אַזאַ לייטער, וואָס מע רופט איהם „עלעווייטער“. אַז איהר באַדאַרפט האָבען עמיצען אויפ'ן אויבערשטען עטאַזש, זעצט איהר זיך אַוועק אונטען, אויפ'ן עלעווייטער גאַנץ פריה,

קומט איהר צו פֿאָהרען אַהין אַרויף ערשט פֿאַרנאַכטליך, אַזוי אַרום מנחה צייט.

„איך בין אַ בעלן געווען אַמאָל זיך דורכפֿאָהרען אַרויף, אַ קוק טהון אויף אַ טשיקאַווּעסט, וואָס טהוט זיך דאָרט — האָב איך קיין חרטה ניט. דאָס וואָס איך האָב דאָרטען געזעהען, וועל איך שוין ניט זעהן קיינמאָל. און ווי איך האָב געפֿיהלט — לאָזט זיך גאָר ניט באַשרייבען. שטעלט אייך פֿאָר. איך שטעה מיר פֿון אויבען און קוק מיר אַראָפּ. פּלוצים דערפֿיהל איך אויף מיין לינקער באַק עפּיס אַ מאָדנע קעלט און אַ גלאַטע, עפּיס ווי אייז; און ניט ווי אייז, נאָר ווי שטאַרק פֿאַרקיהלטע פּעטשאַ, גליטשיג און דרי־ליוואַטע. איך דרעה־אויס פּאַוואָלי דעם קאָפּ לינקס, איך טהו אַ קוק — ס'איז די לבנה.

„היינט דאָס לעבען זייערס איז נאָר געיאָגט, און נאָר גע־לאָפֿען, און נאָר געכאַפּט זיך. „אַריהאָפּ" הייסט דאָס ביי זיי. אַלסדינג איז בחפּזון, און אפֿילו עסען עסט דאָס אויך אויף איין פֿוס. מע חאַפּט זיך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און מע הייסט זיך געבען אַ שנאַפּס, און אויף צו פֿאַרבייסען האָב איך אַליין געזעהען, ווי מען האָט איינעם דערלאַנגט עפּיס אויף אַ טעלער, אַ פֿריש, אַ צאַפּעלדיגס, און ביז ער האָט דאָס צעשניטען, איז איין האַלב אַוועקגעפֿלויגען אויף איין זייט, די אַנדערע האַלב אויף דער אַנ־דערער זייט, און דער חברה־מאַן איז פֿאַרטיג געוואָרען מיט זיין אָנבייסען.

„פֿון דעסטוועגען זאָלט איהר אָנקוקען ווי געזונט זיי זענען! אַייזען! גבורים! ביי זיי איז אַ מאָדע שלאָגען זיך אין סטריט. אין מיטען גאַס הייסט דאָס. ניט זיי מיינען אייך שלאָגען הרג'ענען, אונטערשלאָגען איין אויג, אויסשלאָגען אַ פּאָר ציינער, ווי ביי אונז. חלילה! נאָר גלאַט אַזוי, מע פֿאַרקאַטשעט די אַרבעל און מע גיט זיך קלעפּ, מע וויל זעהן ווער וועמען. ביי זיי ווערד עס אָנגערופֿען אויף זייער לשון: מע פּ י י ט ע ל ט זיך. איי־

מאָל בין איך געגאַנגען שפּאַציערען אין די בראָנקס. געטראָגען מיט זיך אַביסעל סחורה. געהען אַקעגען מיר צוויי באָיעס, לויפערס, יונגאַטשעס הייסט דאָס, און טשעפּען זיך צו מיר — זיי ווילען זיך פּייטלען מיט מיר· זאָג איך: „נאָסער — איך פּייטעל זיך ניט". אַהין־אַהער, זיי לאָזען מיך ניט געהן ווייטער. בין איך זיך מיישב, אַז איהר זענט יאָ אַזעלכע, וועל איך אייך באַווייזען· ווער עלטער איז. און געה און לעג אַוועק דאָס פּעקעל און וואַרף אַראָפּ די קאַפּאָטע, און אַז איך הויב אָן חאַפּען קלעפּ — קוים אַ לעבעדיגער אַרויס פון זייערע הענט! אַז זיי זענען צוויי און איך בין איינער! פון דעמאָלט אָן פּייטעל איך שוין מעהר ניט, מע זאָל מיך אָפּגילטען.

„היינט זייער לשון! אַלסדינג איז ביי זיי פאַרקעהרט און ווי אויף צו־להכעיס. למשל, אַז ביי אונז איז קיך — איז ביי זיי קיטשען· אַז ביי אונז איז קצב — איז ביי זיי בוטשער. אַז ביי אונז איז אַ שכן — איז ביי זיי אַ נעקסדאָריגער. אַ שכנה — אַ נעקסדאָריגע· אַ בעל־הבית'טע — אַ לענדלאָריכע. אַלסדינג קאַפּויר. אַנומעלטען האָב איך געוואָלט קויפען אַ האָהן אויף שלאָגען כפּרות. זאָג איך צו דער מיסעס, זי זאָל מיר קויפען אַ הוהן. פרעגט זי מיך: „אַ הוהן גאָר? אַ הוהן איז דאָך פאַר מיר!" זאָג איך: „לאָז זיין אַזוי — אַ הוהן פאַר מיר און פאַר אייך אַ היהן". זאָגט זי: „וואוהין?" איז זי נאָך אַ ליטוועטשקע אויף צו די צרות! און ביי די ליטוואַקעס וועט איהר דען דערגעהן אַמאָל אַ טאָלק? אַז אַ היהן איז ביי זיי אַ הוהן, און אַ הוהן אַ האָהן — אַ מעשה אָהן אַ־יין עק! פאַל איך אויף אַ המציאה און זאָג איהר: „קויפט מיר דעם דזשענטעלמען פון די היהנער". וודאי האָט זי פאַרשטאַנען און ערשט דעמאָלט מזכה געווען מיך מיט'ן שענעם וואָרט „אָלרייט", וואָס איז כמעט אַלץ איינס, וואָס ביי אונז „מהכתיתי, פאַר וואָס ניט? אָך, מיט'ן גרעסטען בזיון!"...

„היינט דעם כבוד, וואָס מיר, אידען, האָבען דאָרטען! קיין אומה ולשון איז דאָרט ניט אַזוי געהויבען, געהויכט און גע־

קרוינט, ווי דער איד. א איד איז דארט גאר א גאנצער צימעס. עס איז גאר א יחוס, אז מ'ען איז א איד. איהר קאנט באגעג־נען, למשל, סוכות א אידען אין מיטען „פיפטע עווענין" מיט א לולב און מיט איין אתרוג און האט קיין מורא ניט, מע זאל איהם ־ערפאר איינזעצען. אז איך זאג אייך, אז מע האט דארט ליעב דעם אידען, איז דאך ניט שייך. פיינט האט מען דארט נאר א אידישע בארד און פאות. „וויסקעס" הייסט דאס אויף זייער לשון. דערזעהען זיי א אידען מיט וויסקעס, לאזען זיי דעם אידען צורוה, נאר די וויסקעס ציפען זיי איהם אזוי לאנג, ביז ער מוז זיי אראפ־נעמען, אפגאלען. דעריבער זענען דארט דאס רוב אידען אהן בערד און אהן וואנסים. דאס פנים גלאט ווי א טעלער. שווער צו דערקענען, ווער ס'א איד און ווער ניט. אז ניט קיין בארד און ניט קיין לשון, סיידען נאכ'ן אימפעט, בעת ער געהט, און נאכ'ן מאכען מיט די הענט, בעת ער רעדט... ווייטער זענען זיי אידען. אידען מיט אלע פישטשעווקעס. היטען־אפ אלע אידישע מנהגים, האבען ליעב אלע אידישע מאכלים, האלטען פון אלע אידישע יום־טובים. פסח איז פסח. מצות באקט מען דארט א גאנץ קיילעכיג יאהר, און אויף חרוסת איז דא א באזונדערע פאבריקע, א „פעקטארי" הייסט דאס דארטען. טויזענדער און טויזענדער אר־בייטער זיצען אין דער פעקטארי און זיי „מאנופעקטשורען" חרוסת. און אויך פון כרפס און פון מרור מאכען דארטען אידען א לעבען — איהר שפיעלט זיך מיט אמעריקא?..."

— יא, בערעל־אייזיק, דאס איז אלסדינג זעהר פיין, וואס דו דערצעהלסט. דו זאג נאר איין זאך, וואס מיר וואלטען וועלען וויסען: מע שטארבט דארטען אין אמעריקא אויך אזוי ווי דא? צי מע לעבט דארטען אייביג?

„מע שטארבט, פאר וואס זאל מען ניט שטארבען? אין אמעריקא, אז מע טהוט א שטארב, איז טויזענד אין איין טאג. צעהן טויזענד, און צוואנציג טויזענד, און דרייסיג טויזענד! גאנ־

צע גאַסען פֿאַלען דאָרטען אַיין! שטעדט ווערען אײנגעזונקען אַזוי ווי קורח!... איהר שפּיעלט זיך מיט אַמעריקאַ?"

— שאַ, ווי באַלד אַזוי, וואָס איז מיט זיי דער יחוס? שטאַרבען זיי, הייסט דאָס, גלייך מיט אונז?

„יאַ, שטאַרבען שטאַרבט מען, נאָר ווי אַזוי שטאַרבט מען — אָט דאָס איז די זאַך. און ניט אַזוי נאָר דאָס שטאַרבען. שטאַרבען שטאַרבט מען אומעדום אַלץ איינס. פֿונ'ם טוידט שטאַרבט מען. דער עיקר איז דאָס באַהאַלטען — אָט וואָס! ערשטענס, איז אין אַמעריקאַ דער אײנפֿיהר, אַז יעדער ווייסט פֿריהער וואו מע וועט איהם באַהאַלטען. וואָרום ער געהט אַליין, נאָך בע.. ער לעבט, און קלויבט זיך אַליין אויס אַיין אָרט אויפ'ן בית־עולם — „סעמעטעריע" הייסט עס דאָרטען — און דינגט זיך אַזוי לאַנג, ביז ער גלייכט זיך אויס פֿאַר'ן פּרייז. נעמט ער די פּלונית'טע זיינע און פֿאָהרט זיך דורך מיט איהר אויף דער סעמעטעריע און זאָגט איהר: „זעהסטו, נשמה מיינע? אָט דאָ וועסט דו ליגען, אָט דאָ וועל איך ליגען, און דאָרט וועלען ליגען אונזערע קינדער"... דערנאָך געהט ער אַוועק אין דעם אָפּיס פֿון לויה'ס און באַשטעלט זיך אַ לויה איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, וואָס פֿאַר אַ קלאַס ער וויל. און קלאַסען זענען דאָרטען פֿאַרהאַן אַזוי גרויס ווי דריי: ערשטע, צווייטע און דריטע קלאַס. ערשטע קלאַס, פֿאַר גאַנץ גרויסע גבירים, מיליאָנערען, קאָסט טויזענד טאָלער אַ לויה. איז דאָס שוין איין מאָל אַ לויה! די זונן שיינט, אין דרויסען איז אַ חיות. די מטה איז אויף אַ שוואַרצען קאַטאַפֿאַלק, מיט זילבער באַלעגט. די פֿערד זענען אַלע אָנגעטהאָן מיט שוואַרצע פּאָפּאָנעס און ווייסע פֿעדערען. די רעווערענטען — רבנים, חזנים, שמשים — אויך אין שוואַרצען מיט ווייסע קנעפּ, און קאַרעטעס נאָך דער מטה — אָהן אַ שיעור קאַרעטעס! און אַלע קינדער פֿון אַלע תּלמוד־תּורה'ס געהען אויף צו פֿריהער און מע זינגט אויף אַ קול אויסגעצויגען: צ־ד־ק ל־פ־נ־י־ו י־ה־ל־ך ו־י־ש־ם

ל־ד־ר־ך פ־ע־מ־י־ו!... פונ'ם דאזיגען געזאנג קלינגט די שטאדט; א קלייניגקייט — טויזענד טאלער?!...

„צווייטע קלאס איז אויך א פיינע לויה, קאסט שוין נאר פינף הונדערט טאלער, און איז שוין ניט דאס. דער טאג איז שוין ניט אזוי פייגעלדיג. די מטה איז אויך אויף א שווארצען קאטאפאלק, נאר אהן זילבער באלעגט. די פערד מיט די רעווע־רענטען זענען אנגעטהאן אין שווארצען, נאר אהן פעדערען און אהן קנעפ. קארעטעס געהען נאך, נאר שוין נישט אזוי פיעל. קינדער — נאר פון עטליכע תלמוד־תורה'ס געהען אויף צו פריהער און זינגען שוין נישט אזוי אויסגעצויגען: צדק לפניו יהלך — וישם לדרך פעמיו! דאס זינגען איז טרויעריג, מיט'ן נוסח ווי מע זאגט תהלים — וועדליג פינף הונדערט טאלער...

„דריטע קלאס איז שוין גאר א געמיינע לויה און קאסט אין גאנצען איין הונדערטער. אין דרויסען איז שוין קיהל, חמארנע־וואטע. די מטה אהן א קאטאפאלק. פערד אינגאנצען צוויי, און רעווערענטען אויך צוויי. קארעטעס — קיין איינע ניט. קינדער נאר פון איין תלמוד־תורה געהען אויף צו פריהער און האפען אפ גאר אהן א שום ניגון:

צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו.

צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו.

און שלעפעריג, שטיל, קוים וואס מע הערט זיי — סך הכל הונדערט טאלער, וואס קאן מען פאר איין הונדערטער פארלאנ־גען?“...

— יא, וואס זשע טהוט אבער, בערעל־אייזיק, דער, וואס פאר־מאגט קיין הונדערטער אויך ניט?

„איז ער טאקי אויף גרויסע צרות! אהן געלט איז אומעדום שלעכט! דער ארעמאן ליגט אלע מאל נייען איילען אין דער ערד!... פון דעסטוועגען, מיינט ניט! אין אמעריקא לאזט מען דעם ארעמאן אויך ניט ליגען ניט קיין באהאלטענעם. מע מאכט איהם א לויה אהן געלט, עס קאסט איהם ניט קיין סענט אפילו.

אודאי איז דאָס אַ טרויעריגע לויה. קיין שום צערעמאָניעס, קיין סימן פון קיין פערד און פון קיין רעווערענטען. און אין דרויסען ליאַפּעט. נאָר צוויי שמשים קומען צו געהן, די שמשים פון ביידע זייטען און אין מיטען דער בר־מינן — און אַלע דריי שלעפּען זיי זיך נעבאַך צופוס גלייך ביז צום בית־עלמין... אַהן געלט, הערט איהר, זאָל מען גאָר ניט געבוירען ווערען — אַ פאַסקודנע וועלט... ווער פון אייך, אידען, פאַרמאָגט איין איבעריגען פּאַפּיראָס?"

# אינהאלט

# די נייע יידישע ביבליאטעק

## שטעלט אויף דעם פארניכטעטן יידישן בוך.

### עס דערשיינען אינגיכן פון דרוק די ערשטער בענדער:

1. שלום עליכם. מ נ ם מענדל.
2. שלום עליכם. אייזענבאן־געשיכטעס (אין צוויי טיילן).
3. שלום עליכם. קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות.
4. שלום עליכם. טביה דער מילכיגער.

### עס ווערן צוגעגרייט און געפינען זיך טיילווייז אין דרוק:

1. מענדעלע מוכר ספרים. מסעות בנימין השלישי.
2. מענדעלע מוכר ספרים. פישקע דער קרומער.
3. מענדעלע מוכר ספרים. דאס ווינטשפינגערל.
4. מענדעלע מוכר ספרים. די קליאטשע.
5. י. ל. פרץ. געקליבענע ווערק (אין צוויי בענדער).
6. ח. נ. ביאליק. געקליבענע ווערק (יידישע איבערזעצונג).
7. דינעזאן. יאסעלע.
8. פרפ. ש. דובנאוו. קורצע געשיכטע פון יידישן פאלק.
9. זאמלונג פון יידישע פאלקס־לידער (מיט נאטן).
10. בילדער־אלבום פון יידישע קינסטלער (אין פארבן).

אלע בענדער זיינען גוט געבונדן און אילוסטרירט.

**קויפט, לייענט און פארשפרייט דעם יידישן בוך!**